

# קריינדעלע

## — דער גורל'דיקער דור —

צייטליכער ראָמאַן וועגן

געראַנגל פון דעם רוסישן אידנטום

פאַר פרייער עליה

צו מדינת ישראל

* • *

פון

**אהרן חייט**

(„אהרעלע")

* • *

געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון

**שניאור זלמן שזר ע"ה**

3-טער פרעזידענט פון מדינת ישראל

* • *


אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון „הקריאה והקדושה"

אהרן חייט קולטור־געזעלשאַפטליכער פובליקאַציע־קאָמיטעט

* • *

תל־אביב התשל"ח — 1978





אדרעס פון מחבר:

Aaron Chait
Kikar Masaryk 12/5
Tel Aviv, Israel Tel. (03) 24-14-53

# אהרן חייט – כלל־טוער, שרייבער און ערפינדער

(צו זיין איצטיגען 50־יאָהריגען ליטעראַרישען יובילעאום)

---

דער יחוס־צעטעל פון אונזערע אידישע קולטורעל־געזעל־שאַפטליכע און ליטעראַרישע יובילאַרען איז לעצטענס באַריי־כערט געוואָרען מיט אַ נייעם נאָמען, אהרן חייט, וועלכער פאַר־צייכענט די טעג זיין 50־יאָהריגען יובילעאום פון געדרוקטען וואָרט אויףביידע זייטען ים.

יובילאַרען זיינען שוין אייגענטליך ניט קיין פנים חדשות אויף דער אידישער גאַס. אין אונזער איצטיגען פאַל איז עס אָבער אַ מערקווירדיגער טאַלאַנט, וועלכער האָט זיך ענטפלעקט אין אַן אַלזייטיגקייט אויף אַ סך געביטען, אַ יחיד מיט די מעלות פון אַ „רבים".

***

געבאָרען אין שטויפּץ, אַ קליין־שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד ביי אָרטאָדאָקסישע עלטערן, אַ טאַטען אַ מלמד, און אַ מאַמען, אַ צנועה און מלומדת, ערצויגען אין די אייראָפּעאישע ישיבות, האָט אהרן חייט שוין אין זיין פריהסטער יוגענט דערפילט דעם דורשט נאָך וועלטליכער בילדונג, און האַנט אין האַנט מיט למודי קודש האָט ער ערוואָרבען אַלגעמיינע ידיעות, דורכגע־מאַכט גימנאַזיע, אוניווערזיטעט, שטודירט אַדוואָקאַטור און גראַדואירט פון יורידישען פאַקולטעט ביים ווילנער אוניווערזי־טעט מיט דעם טיטעל פון מאַגיסטער פון יוריספּרודענץ.

שוין אין זיינע אינגעלשע יאָהרען האָט אהרן חייט „צוגע־זינדיגט מיט דער פען" און זיך געדרוקט אין אַ צאָהל יוגענט זשורנאַלען. אין אויגוסט 1928 איז ער געוואָרען דער שטענדיגער מיטאַרבעטער פון דער אָנגעזעהענער אָרטאָדאָקסישער וואָכענ־שריפט אין ווילנע „דאָס וואָרט", און שפּעטער אין דער טעגליכער וואַרשעווער רעליגיעזער צייטונג „דאָס אידישע טאָגבלאַט". ער האָט זיך אין ביידע אָרגאַנען באַטייליגט מיט געדרוקטען וואָרט אין פּראָזע און פּאָעזיע, און האָט רעאַגירט מיט זיינע פּאָפּולערע אַרטיקלען און לידער אויף אַלע געשעהענישען פון טאָגטעגליכען אידישען לעבען אין פּוילען. אין יאָהר 1937 האָט ער באַקומען אַ ליטעראַרישע פּרעמיע אין אַ קאָנטעסט פון דער בעסטער

אידישער עסעי אין דער דזשאַינט־צייטשריפט „פאָלקס־הילף״ אין וואַרשע.

באַלד ביי זיין אָנקום אין אַמעריקע אין יאָהר 1938 האָט דער יובילאַר זיך פאַרבונדען מיט דעם „מאָרגען זשורנאַל״, וואו ער האָט אָפּגעדרוקט אַ היפּשע צאָהל לידער, אַרטיקלען און דער־ציילונגען, צווישען זיי אַ גרעסערע נאָוועלע וועגען אַ אידישען מלחמה־העלד אין גוואַדאלקאַנאל א. ד. ג. „דער העלד פון פּאַ־סיפיק״, וועלכע האָט אָפּגעשפּיגעלט דעם העראָישען אידישען בייטראַג צו די נצחונות פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אויף דעם פּאַסיפישען פראָנט אין קאַמף מיט דעם יאַפּאַנעזישען שונא.

אין משך פון עטלעכע יאָהר נאָכאַנאַנד האָט אהרן חייט אָנגעפירט אַ וועכענטליכען קאָלום איבער חזנות און אידישער מוזיק אונטער דעם נאָמען „איך דער וועלט פון חזנות״, וועלכע איז געווען זייער אַ פּאָפּולערע פיטשור אין דער צייטונג.

צו דער זעלבער צייט האָט זיך אהרן חייט אָפט געדרוקט אין „טאָג״, פאָרווערטס״, אין „ניו יאָרקער וואָכענבלאַט״, אין דעם „איד״ און אין „דאָס אידישע וואָרט״. ער האָט זיך אויך באַ־טייליגט מיט זיין וואָרט און פען אין דער ענגלישער שפּראַך אין די ניו־יאָרקער אידיש־ענגלישע צייטשריפטען: „יאָנג איז־ראָעל וויופּאָינט״, „דזשואיש לאַיף״, „דזשואיש עקזעמינער״, ווי אויך מיט העברעאישע אַרטיקלען אין דעם „קול ישראל״ זשורנאל, וואָס איז ערשינען אין ירושלים.

אויסער זיין זשורנאַליסטישער אַרבעט, האָט אהרן חייט פאַר־פאַסט אַ טשיקאַווען ספר׳ל, „שאַרפזין״, אַ „כל בו״ פון שאלות ותשובות אויף תנ״ך, דינים און מנהגים, ימים טובים, א. א. וו. אין מאַמע־לשון, וואו דער לעזער ווערט באַקענט דורך רעטע־נישען און באַשיידען מיט די אוצרות פון אונזער תורה און טראַדיציע. דאָס מערקווירדיגע ספר׳ל האָט זיך מיט גרויס ערפאָלג פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, און עס ווערט איצט צוגעגרייט אַן ענגלישע ווערסיע פון דעם זעלבען אינהאַלט.

אויסער זשורנאַליסטישער אַרבעט, האָט דער יובילאַר פאַר אַ לאַנגער צייט אָנגעפירט מיט אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם פון זעלבסט־פאַרפאַסטע און רעזשיסירטע דראַמאַטישע סקעטשעס איבער דעם לעבען פון די אידישע מלחמה־פליכטלינגע אין די דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן. דער ראַדיאָ־פּראָגראַם אין אַראַנזשירט געוואָרען דורך דער „צעירי אגודת ישראל״ באַוועגונג אויף סטאַנציע „דאָבעליו־אַי־ווי־די״ מיט אהרן חייט אַלס נאַרראַטאָר.

אין דעם געזעלשאַפטליכען אידישען לעבען, האָט זיך דער יובילאַר, אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונד צווישען די אידי־שע כלל־טוער אין אַמעריקע מיט זיין בייטראַג צו דעם „יונייטעד דזשואיש אַפּיעל״, אַלס רעדנער אויף פאָלקס־מיטינגען, ווי אויך

**קולטור־טוער און פּרעסטיזשפולער כלל־טוער**

מיט ליטעראַרישער, אַדמיניסטראַטיווער און פּובליסיטי אַרבעט פאַר דעם טראַדיציאָנעלען אידישען חנוך, אַלס אָנגעשטעלטער און עקזעקוטיוו אין אַ צאָהל נאַציאָנאַלע ישיבות אין אַמעריקע.

לעצטענס האָט אהרן חייט אַרויסגערופען די אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס פון די נאַציאָנאַלע חנוך־אָרגאַניזאַציעס און פון דעם ברייטען אידישען עולם דורך זיין ערפינדונג פון דעם „ראָד פון תנ״ך״, אַ שפּיל פאַר יונג און אַלט, דורך וועלכער מען קען באַקענען דעם יונגען דור, ווי אויך דערוואַקסענע מענטשען מיט היסטאָרישע אידישע פיגורען און עפּיזאָדען אין דער אַמוזירענדער פאָרם פון פאַרוויילונג און קונץ.

## אהרן חייט איז אויך דער מחבר פון דער אידישער נאָוועלעטיזעלע דעם שוחטס וועגן נאַצי-קאשמאר און פון דעם בוך:

„ישראל, דאָס פאָלק און לאַנד פון לעגענדאַרען אמת״, וועלכער שילדערט אין אַן אָטעם־פאַרכאַפּענדער פאָרם זיינע איינדרוקען פון אַ באַזוך אין ישראל אויף שבועות, אין חודש סיון, התשכ״ז (מאַי־יוני, 1966). די סעריע איז געדרוקט געוואָרען העכער אַ יאָר צייט אין „טאָג־מאָרגען זשורנאַל״ און נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון ברייטען עולם מיט גרויס אינטערעס. ער האָט אויפגעזאַמעלט די אַלע קאַפּיטלען, צוגעגעבען אַ סך נייעם מאַטעריאַל, באַזונדערס פון דער לעצטער מלחמה און די נסים ונפלאות, פון דעם פאַנטאַסטישען נצחון און צוריקשטעלונג פון כותל המערבי און אַנדערע מקומות הקדושים אין אידישען רשות א. אַ. וו. און ער האָט אָט דעם שפּאַציר איבער ישראל דורכגעפלאָכטען מיט אַ צאָל אינטערעסאַנטע בילדער. אויף דעם אופן איז דאָס אידיש פאָלק און לאַנד געבראַכט געוואָרען צווישען צוויי טאָוולען אונטער דעם דאַך פון זיין ניי און געלונגען בוך.

## ער האט אויך אפגעדרוקט א בוך

פון פּאָעזיע און פּראָזע, לידער און דערציילונגען, רעטעניסען, רעבוסען און תורה־ווערטלעך א. ד. גל. „פון כל טוב״, אַ מאַטעריאַל וואָס ער האָט פאַרפאַסט און געשאַפען אין משך פון זיין ליטעראַרישער קאַריערע אויףביידע זייטען ים.

xxx

מיט העכער א יאר צוריק איז אהרן חייט עולה געווען און זיך באזעצט אין ישראל, וואו ער איז ממשיך זיין ליטעראריש-קולטורעלע ארבעט, אלס מיטארבעטער פון דער פאפולערער "יידישע צייטונג" און אויך אין דער ענגלישער פרעסע. ער איז אויך מרביץ תורה ברבים, אלס מנהיג רוחני און מגיד שעור אין "בית הכנסת ע״ש אליעזר קנטורוביץ ". ביידע שטעלעס האלט ער-אן אין תל-אביב, וואו ער האט זיך משתקע געווען.

אהרן חייט האט דא פארפאסט א פעדאגאגישע שפיל פאר יונג און אלט"יהדות", אויף אידישע ווערטן און טעמעס, מיט א טעקסט אין עברית. די שפיל איז פובליצירט געווארן אין דער היגער העברעישער און אידישער פרעסע, אויף דער ראדיא "גלי צה״ל " און דארף אויך געוויזן ווערן אויף טעלעוויזיע. זי איז באך אין פראצעס פון פאבריקאציע.

xxx

איצט דערשיינט אהרן חייט'ס ניי בוך: קרייבדלעך-דער גורל ידיקער דור, וועגן גע ראנגל פון רוסישן אידנטום פאר פרייער עליה צו ישראל, וואס דארף זיך געפינען אין יעדן אידיש הויז, און גלייענט ווערן דורך יונג און אלט. ער איז פאסיק פאר

היים און פאמיליע, שולעס, ביבליאטעקן, לייען-קרייזן, אנשטאלטן א.א.וו. דאס בוך ווערט דא צוגעטראגן דעם חשובן לייענער מיט אונזער ווארעמער רעקאמענדאציע און בעסטע וואונטשן.

xxx

ווי שוין דערמאָנט, מערקט זיך ביי אהרן חייט די אייגנשאַפט פון אַלזייטיגען טאַלאַנט אויף אַ צאָהל געביטען, וואָס איז אַ זעלטענהייט ביי אונזערע יונגע שרייבער און קינסטלער.

דער יובילאַר פאַראייניגט אין שריפט און אין וואָרט די טיפקייט און ערנסט פון אינהאַלט מיט דער זאַפטיגקייט פון פאָרם. זיין סטיל איז פליסיג, זיין פעדער איז פלינק, זיין שילדערונג איז בילדליך און אָנציענד. עס דאַרף דערביי געזאָגט ווערען, אַז ער איז דער בעל הבית פון וואָרט און אויסדרוק און געפינט דעם פאַסיגען שפּראַכליכען נואַנס פאַר פאַרשיידענע

געדאַנקען, וועלכע ער ברענגט פאָר. יזיין אידיש איז ריין און לויטער, וואָרצעלדיג און קוועליג אָן צומיש פון זייטיגע דרויסענ־דיגע איינפלוסען.

אין זיין שרייבען מערקט זיך די היימישע סענטימענטאַ־ליטעט, די פאַרבענקטקייט פון אַ אידישען שרייבער און דיכטער, וואָס זוכט תיקון, וואָס לעכצט נאָך אַ בעסערען מאָרגען פאַר פאָלק און פאַר מענטשהייט. ער איז תמימות׳דיג־ערליך און דאָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע שאַפונגען; ער איז אידעאַליסטיש־געשטימט און דאָס פעדימט זיך דורך אין זיין פראָזע און דיכטונג.

מיר באַגריסן אהרן חיי׳ט און מ׳יר ווינשן אים אריכת ימים, געזונט, ווייטערדיגען ליטעראַרישען שוואונג און אַ סך הצלחה.

ייהקריאה והקדושהיי
— אהרן חייט —
קולטור - געזעלשאפטליכער
פובליקאציע -קאמיטעט

| פראפ.פ.טשערביאק | אדוו.י.טוביק | ל.רובינליכט |
|---|---|---|
| ערן -פארזיצער | פארזיצער | סעקרעטאר |





פרעזידענט זלמן שזר פון מדינת ישראל,ז"ל

## אין ליכטיקן אנדענקו

דעם דריטן נשיא פונעם הייליקן לאנד,
וואס האט זיין בן-עיר געשטרעקט וואָרעם די האנט
דעם מנהיג ישראל און קולטור-מעצענאט,
דעם מחבר געהאלפן מיט ראט און מיט טאט,
איינע-נשמה" דערמיט ווערט געשטעלט,
לנצח-נצחים אין"אייביקער וועלט".

בס"ד

# פ א ר ו ו א ר ט

בדחילו ורחימו, מיט א געפיל פון חרדת קודש,

מיט א הייליקן ציטער, ווייטאג און האפענונג, טראג איך צו דעם אידישן לייענער און דעם ברייטן כלל מיין איצטיקס בוך: "קריינדעלע - דער גורל ידיקער דור". דאס בוך איז געווידמעט אונזער מארטירעריש-העלדישן דור, וועלכער פלאסטערט דעם וועג פון גלות צו היימלאנד, קעמפט פאר און בויט מדינת ישראל. אט דער דור איז פארטראטן דורך קריינדעלען, דער העלדין פון ראמאן, אין אירע פיר גלגולים, אין דער דראמע פון אירע נסיונות, אין איר ראל אלס טרעגערין פון דעם "נעכטן", "היינט" און "מארגן".

גרויס איז אונזער דור, טראגיש אין קאטאסטראָ-פאלן נסיון פון ח ו ר ב ן, גליקליך און מזל-ברכה'דיק אין דעם נ ס פון אתחלתא דגאולה, אנהויב פון דערלייזונג.

א גאר-באזונדער ראל אין דער גרויסער עפאפייע שפילט דאס בראווע רוסישע אידנטום מיט זיין מסירת-נפש, פאטריאטישער קנאות און זעלטענעם קידוש-השם אין פארצווייפלטן אבער געלונגענעם געראנגל פאר א פרייער עליה צום אויסגעבענקטן הייליקן לאנד. איז טאקע דאס בוך א "הלל הגדול" צו די מוטיקע ריטער, וועלכע קומען אהער, דורך פייער און שווערד, דורך פיין און בלוט, פון קאנצענטראציע-לאגערן, תפיסות און משוגעים-הייזער אין "רויטן יאמערטאָל" צו א ווירדיק לעבן אויף די בערג און אין די טאָלן פון ציון און ירושלים.

אונזער דור דערמאנט די עפאכע פון נחמיה, דוען מען
האט מיט איין האנט געבויט, און מיט דער צווייטער פאר
טיידיקט דאס לאנד פון די אבות.

ביט יעדן דור איז באשערט אזא גרויסער זכות.

אויף דעם פסוק "קורא הדורות מראש" (ישעיה, מא, ד)
אין משנה ט' פון מסכתא "עדיות", ברענגט דער ראב"ד אן
אינטערעסאנטן פירוש, אז די נחמה פון ציון איז אפהענ-
גיק פון דור און "תוספות שאנץ" באמערקט דערביי, אז דער
רבונו של עולם באשטימט פון-פאָרויס דעם דור, וועלכער איז
ווערט און בארעכטיקט "זכאי לגאולה", און אזוי ווי ביי
יציאת מצרים און דער "גאולה ראשונה", וועט אויך זיין
בימות המשיח. דער "גורלדיקער" דור וועט האבן דעם זכות
צו גאולה. א דיוק, וואס איז אויך פאסיק פאר אונזער
צייט און דור.

אַשְרֵינוּ, מַה טּוֹב חֶלְקֵנוּ וּמַה נָּעִים גּוֹרָלֵנוּ - וואויל
איז אונז, וואס גראד מיר זיינען אויסדערוויילט געווארן
דורך דער השגחה עליונה צו דער הייליקער, היסטארישער
מיסיע, איינשליסנדיק דאס רוסישע אידנטום, און לאמיר
האפן צו קענען דערפילן די שליחות - בשלימות, "וזֶה חֶלְקִי
מִכָּל עֲמָלִי".

זאל דאס בוך אלארמירן אונזער פאלק און די וועלט
לטובת דעם רוסישן אידנטום און אויסווירקן א פרייע
עליה פון אונזער דארטיקע 3 מיליאן ברידער צו ישראל.

הלוואי, וכן יהי רצון! מיט דער הילף פון השם יתברך!

שנת התשל"ח, תל-אביב

אהרן חייט



# פראָלאָג

## די שווארצע קרא

''ווער זאגט, אז איך בין משוגע?''-האט יאקאוו אבראמאוויטש, סטודענט פון אוניווערזיטעט און ''אקטיוויסט''צו אויסווירקן פרייע עליה פון ראטנפארבאנד צו מדינת ישראל, געשריגן מיט באנומענע קולות,הויבנדיק אין דער הויך די פאלעס פון זיין שווארצן כאלאט,ווי די צעפעכעטע פליגלען פון א שווארצן ראב, אין זיין ענגער צעלע פון דעם גרויעם משוגעים- הויז אין דעם בנין פון דער''מאַטראָסקאַיאַ טישינא'' אין מאסקווע.

''פארוואס האט איר מיך אהער ארייַנגעשליידערט און איר ווילט מאכן אויף מיר עקספערימענטן,צי איך בין ביים זינען. איר ווילט מיר איינרײדן א קרענק,גזלנים,רוצחים! אין בין קלערער און ניכטערער פון אייך''.

''זשיד פארשיווי, סומאסעדש,ביבסטו דען ניט פון זינען אראפ,ווען דיר האט זיך מיטאמאל,פון דער העלער הויט פארוואלט ''איזראיל? שלעכט איז דיר דען דא,ביי אונז,אין רוסלאנד, אין דעם רויטן גן-עדן,וואו יעדער איז פריי , גלייך און גליקליך? קען דען א מענטש,ביי די קלארע געדאנקען,ארייננעמען אין קאפ אזא איינבילדעניש,אזא נארישן

"דור", א משוגעת.דו בינסט שוין איבערגעפרעסן מיט גוטס זוכסטו זיך צרות"-האבן די אכזריות'דיקע רוסישע ווערטער פון דעם דול-הויז זיך געריצט מיט זייער אומגליקליכען קרבן.

"אויב עמיצער וויל אן אייגן לאנד, א היים,א פאלק וואו ער געהערט, איז ער דען משוגע? איך בין אן אוראייניקל פון אן אייביקן פאלק און "דאס פינטעלע אידי" האט אין מיר אויפגעוואכט, טראץ אייערע פארפאלגונגען. מיין היים איז אין מזרח; מיין פאלק און לאנד הייסט : ישראל. איז דען אן עוולה, אז א פארבענקט קינד ציט זיך צו זיין מאמען און וויל צערייסן די קייטן פון גלות?".

"רעדסטו דען צו דער זאך,אידיאט? איז"מאטושקא ראסייא" דען ניט דיין היים? איז דען דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל ניט דיין רעליגיע? איז דען דאס סאוויעטיש,האר ציק פאלק ניט דיין ברודער? מיר וועלן דיך שוין אויס - ניכטערן אויף אונזער וועג".

"סאטראפן, כוליגאנעס,אנטיסעמיטן! ווי קענט איר מיך פארשטיין? איך בין דא ביי אייך געשמידט אין קייטן,אבער מיין הארץ איז אין מזרח.דארט,אויף די בערג און די טאלן פון ציון און ירושלים ,האט א פאלק,מיט די לעבנס פון די יונגע זין,מיט דעם מארך און בלוט פון זייערע ביינער , אויסגעקעמפט א מדינה.מיט דעם אקעראייזן און האמער בוי ען זיי, און מיט דעם ביקס און שווערד פארטיידיקן זיי די אלט-נייע היים. אין ליכטיקע פרימארגן-שטראלן גייט אויף די ווייס-בלויע פאן.אהין וויל איך גיין,צו זיי; דארט איז מיין לעבן, מיין צוקונפט!".

"לומפיקער פאנטאזיאר, דו רעדסט, ווי א קאנטער-רעוואלוציא נער; בינסט א שונא פון דעם פאלק און לאנד פון" סיערפ - און האמער", פון רויטן גליק. מיר וועלן דיך שוין ברעג גען צו דיינע געדאנקען"- האבן געדראט די וועכטער.

א האגל פון קלעפ האט זיך אראפגעלאזט אויף יאקאווס קערפער. זיי האבן אים אומגעווארפן, געשליידערט אויף די ערד, געטראטן און געקאַפעט מיט די פיס, ביז ער האט פאר לארן דעם באוואוסטזיין.

א צעבלוטיקטער איז יאקאוו געלעגן אויף דער שטיי- נערנער פאדלאגע. די וועכטער האבן אים באגאסן מיט עמערס קאלט וואסער צו ברענגען אים צוריק צום באוואוסטזיין, און ווייטער אים פייניקן.

"זאג, ווער זיינען דיינע חברים, וואו האט איר געהאט די"סכאדקעס, פארוואס האט איר דעמאנסטרירט?" האבן געפא - דערט די וועכטער.

יאקאוו איז דערמינטערט געווארן און געקומען צום זינען. ער האט זיך אויפגעהויבן פון דער פאדלאגע, ווידער א פאכע געטאן מיט זיינע פאַלעס און מיט פלאם-פייער אין די אויגן אויסגערופן:

"רשעים, באנדיטן! איך וועל אייך גארניט אויסזאגן וועגן אונזער באוועגונג, אבער איך ברענג אייך די שוואר צע בשורה און פינסטערע נבואה פון אייער וויסטן סוף. ווי א ביידזע ווְאַרְאָנע זאג איך אייך - אַן דאס שלעכטס, וואס וועט אויף אייך קומען.

יאקאוו פלעגט פלעכטן פערזן, און עס איז אים אויפן פלאץ איינגעפאלן א געגראמטער זמריל אין רוסיש, וועלכער

מיינט אין פרייער אידישער איבערזעצונג:

״קרא, קרא, קרא
א ביידע שעה אזא;
קומען וועט די שטראף,
נאנט איז אייער סוף;
דורך אייער צונטער-רויט
לויערט שוין דער - טויט,
און אונזער ווייס-בלוי
איז א מארגן-טוי:
קרעמל — גסיסה-פיין!
ירושלים - זונענשיין!״

די וועכטער האבן אים ווייטער געשלאגן. א צעקאליעטשעטער
האט ער געשריגן:

״מיינט ניט, אז דאס וועט אייך פארשוויגן ווערן. איך
זע די ״אויפשריפט אויף דער וואנט״, וואס זאגט-אן אייער
פינסטערן גזר און שווארצן סוף.

״מיינט ניט- האט ער זיך ווייטער געקאכט-אז איר האט
דא צו טאן מיט א קיבוץ פון דריי מיליאן ״שוויגנדיקע ״
אידן, וועלכע וועלן ווייטער האלטן דעם שלאס אויפן מויל.

וויסן זאלט איר, אז אט דער ״שווייגנדיקער ריז״ האט דער-
וואכט פון זיין לעטארגישן שלאף צו א ניי לעבן אויף דעם
אייגענעם באדן און קיינע אינקוויזיציעס וועלן ניט העל-
פן צו צוימען דעם אויפברויז פון א פארפאלגט פאלק און
זיין בענקשאפט און באגער צו זיין מוטערלאנד.

״און עק צום גלות, צווישן גויים! מיר ווילן צוריק א-
היים מיט און צווישן אידן. אייער ״סיערפ און האמער״

וועט צעשמאלצן ווערן אונטער דעם גלי פון אונזער"מנורה"

דער שפראָץ פון די סימבאלישע"אוילבערט-בוימער"וועט אונז געבן זאפט און חיות. מיר וועלן זיגן, אין עקשנות, און אין אויסדויער און קומען צוריק אהיים, צו ציון, צו אונ-זער ישראל. אויף אייך, אבער, וועט רוען די קללה פון באנ-קראט, ווייל א גייסט פון פרייהייט קען מען ניט באצווינ-גען, א סטיכיע פון נאציאנאלן רענעסאנס קען מען ניט צו - ריקהאלטן.

"ציון און ירושלים איז א געטליכע הבטחה צו אונז, און קיין בשר-ודם, דער ערגסטער טיראן, קען אָט דעם בונד צווישן גאט, פאלק און לאנד, ניט צעשטערן. זיין השגחה וועט אונז פירן צו נצחון.

"ציטער, קרעמל! טרייסל-זיך, בלוטיקער רעזשים! ישראל גייט-אויף אין א נייעם פרילינג פון ווידער-דער - וואכונג און זיינע קינדער פון אומעטום ציען זיך אהיים.

"גאָט און געשיכטע וועלן משפטין, ווער עס איז גערעכט ווער עס איז קלאר, און ווער-משוגע!

א סעריע שמיץ האט זיך ווידער אראפגעלאזט אויף יא - קאוויס קערפער. ער איז אומגעפאלן, אבער זיינע אויגן האבן געבליצט מיט הערואישן פייער.

אין זיינע גסיסה - ווייען האט יאקאוו געפילט, אז זיין נשמה שוועבט-אוועק העט-ווייט, דארט אהין, אין ליכטיקן

מזרח און פאראייניקט זיך מיט יונג-ישראל אין א סימפאָ-ניע פון בוי און קאמף פון אן אויפגעוואכטן פאלק און לאנד, און זי וועבט, מיט זיי צוזאמען, די גרויסע לעגענדע פון וואונדערליכן אמת, די תחיית המתים פון אידישן פאלק

אויף דעם באָדן פון היימלאנד.

ווי א צאנקענדיק ליכט, וואס האלט ביים אויסגיין, און צעהעלט זיך מיט לויטערערן שײַן ערב גסיסה, אזוי האט יאקאוו זיך געשטארקט און ארויסגעמורמלט דעם ניט- דער-זאגטן סוף פון זיין געגראמטער קללה:

״פאר אונזער גרויל, קאשמאר,
אויף אייך - א ווזיסטער גזרו!
ישראל, פאלק און לאנד,
אין פעסטן תקומה-שטאנד;
פאר אייך, נאר חורבן, קראך,
איך אש און שטויביק פראַך!
אין א וויסטער שעה, אזא,
קרא, קרא, קרא!...״

דאן האט יאַקאוו אויסגעשריען:

״גוואלד, אידן, עס איז אן עת-צרה, אבער זייט זיך ניט מייאשודער גלות וועט זיך ענדיקן; די גאולה איז נאנט. גלויבט, האפט און טוט, בויט און קעמפט. זייט מקיים די מצווה און זכות פון שיבת ציון!

דאס איז געווען יאקאוו'ס צוואה צום אידישן פאלק. פון זיינע ליפן זיינען געפלאסן די ווערטער פון״אני מאמין״און מיט א כארכלדיקן קול האט ער אויסגעשריגן: ״שמע ישראל!״.

דאס צאפלדיק פלעמל פון יאקאוו'ס אפגעהאקט לעבן האט זיך אָפגעריסן פון טויטן קנויט כדי זיך צו פאראיי-ניקן מיטן געטליכן״נר תמיד״ פון״נצח ישראל״.

## קאפיטל 1

## ג ע ו ו א ל ד !

יאקאוו אבראמאוויטשיעס לעצטער גסיסה-געוואלד האט זיך איינגעוועבט אין דער מארטיראלאגיע פון אידישן לעבן אין סאוויעט-רוסלאנד. זיין געשפענסט, אין געשטאלט פון אזא שווארצן ראָב מיט צעפעכעטע פליגלען, איז אפט געקומען צו חלום די אידן אין די שטעט אזן שטעטלאך. ער האט אנגעוואר פען אן אימה און אויך גערופן צו רעוואלט,צו זעלבסט - ווירדע און קאמף פאר קיום.

און איינגעשפונען האט זיך דער "געוואלד" אין אט דעם טראדיציאנעלן אידישן וויי-געשריי פון דורות,ווי אן סימ- באל פון צער,סיי פון יחיד, סיי פון כלל.

האט דער דאזיקער "געוואלד" אויך דערגרייכט צום פי- צינקן רוסישן שטעטל און איז אהין געקומען גראד ערב דעם יום-הדין,שפאלטנדיק אלע זיבן הימלען און צוגעבנדיק א באזונדער ציטער צו די אזוי שוין-אויך אנגסטיקע"פארכ- טיקע טעג".

אוי,וויי!
" ג ע ו ו א ל ד !!!

און אפגעהילכט האט ער איבער גאנץ ווייס-רוסלאנד,וואו דאס שטעטל האט זיך געפונען,איבער פעלדער און וועלדער, און פארנאנדערגעטראגן האט אים דער הארבסטיקער ווינט אויף זיינע צעוויגטע פליגלען.

"וואס האט פאסירט? אויף פוסטע פעלדער,אויף וויסטע פעלדער! קיין איד זאל דערפון ניט וויסן!



פארזאמלט ארום שול, שמועסן אידן וועגן ר׳ יוסף,
דעם חזן-שוחט׳ס שרעקלאכן אומגליק.

ר׳ יוסף, דער גרייז-גרויער שטעטלדיקער חזן- שוחט,
איז ארומגעלאפן צעפלאשעט און צעטומלט, און געשריגן מיט
באנומענע קולות:

״מיין קינד, מיין קינד! אידן, ראטעוועט מיין בת-
יחידה, איז היינט, ראש-השנה, פארשוואונדן פון הויז. איך
קריינדעלע מיינע איז ניטא! אפשר האט זי עמיצער געזען?

״קריינדעלע, מיין קרוין פון קאפ, אוועק, ניטא; אז
וויי און ווינד איז צו דער קלאגעדיקער מאמען!״- האט די
שוחטיקע געיאמערט אויפן קול.

״שא, שטיל, שרייט ניט! די ״קא-גע-בע״ וועט נאך דערהערן
און עס וועלן זיך אנהויבן ״דאָפּראָסן״, אן אויספארשונג. איר
פארגעסט, אז דאס איז רוסלאנד״- האבן זיך אייניקע אפגע -
רופן.

״שרייט ניט, זאגט איר, ווען עס טוט וויי; זאל קיינער
צו מיין הארץ ניט קומען; אן אומגליק, א גזר-דין, א ביטער-
ער ראש-השנה״- האט די מאמע געכליפעט.

״ווען איז דאס געשען?״- האבן עטלאכע נייגעריקע אידן
געפרעגט.

״ווען מיר זיינען געווען אין שול און קריינדעלע איז
געבליבן אין הויז״- האט דער שוחט געענטפערט.

איך האב טאקע צו ״ונתנה תוקף״ געזען דורכן פענסטער
אין שול א פארבייפארנדיקע פויערשע פורל מיט א מיידל און
בחור. זי איז געווען איינגעוויקלט אין א פאטשיילע און ער
איז געזעסן נעבן איר. איך האב געמיינט, אז דאס איז א שיי-
געץ און א שיקסע; ווען זאל איינפאלן אזא פארדאכט״- האט

עמיצער באמערקט.

״פונקט שולצייט, זאגט איר, אט דאס מוז עס טאקע זיין. אנטלאפן פון הויז פונקט ראש-השנה מיט א שייגעץ״-האט גע-בראכן מיט די הענט דער אומגליקלאכער טאטע. גאט׳ס צארן האט זיך אויף אונז אויסגעגאסן״.

״וואס רעדט איר? נאר דאס אליין האט פאסירט?״-האט אן אנדער איד באמערקט-״די געהיים-אגענטן האבן אין סאמע מיטן נאכט ארעסטירט און אוועקגענומען אין״קא-גע-בע ״ אויף א ״דאָפּראָס״ עטלאכע שטעטלשע יונגעלייט.מען באשול-דיקט זיי, אז זיי זיינען ״ציוניסטישע שפיאנען״,מען בא-טראכט זיי אלס קאנטער-רעוואלוציאנערן,שונאים פון סאוו-יעטישן פאלק, און מען וועט זיי נאך,חלילה,פארשיקן אין סיביר״- האט נאך אן איד באריכטעט.

״איז נאך, הפנים, די מאס פון צרות ניט פארפולט״ - האט זיך ארייגעמישט נאך אן איד-״טא הערט-זשע! אין צע בראכענעם מיסטקאסטן פון שול-פאליש האבן אגענטן געפונען אויפרופן מיט ציוניסטישער פראפאגאנדע.מען האט ארעסטירט די גבאים און מען האלט זיי פאר ״זאקלאדניקעס״ (לעבעדי-קע משכנות) אויפצודעקן„די ציוניסטישע פארשווערונג״

״א וויסטע תוכחה האט זיך אויסגעגאסן אויף אונזער שטעטל; א פינסטערער יום-הדין, אז מען טאר דאס גאר פאר דעם מויל ניט ברענגען״.

״אזוי האבן געטענהט עטלאכע ווייבער,אראפגערוקט טי-פער די טיכלעך אויף די קעפ און מיט דעם זוים פון זיי-ערע פארטוכער זיך געווישט די טרערן.

א ווייטאגליכער געוואלד האט זיך ארויסגעריסן פון אלעמענס מיילער, ווי דער געשריי פון געפייניקטן כלל-ישראל. פון דרויסן האט אפגעענטפערט א טריבער עכא:

"ג-ע-וו-א-ל-דו!

געוועזן איז עס די שטים פון פארפייניקטן יאקאוו אב-ראמאוויטש, דער ווייטאג פון א יחיד, א ר' ישראל, וועל-כער האט זיך ארויסגעמישט מיטן כלל..

אט דער "געוואלד" איז אבער ניט געוועזן דער לעצטער רוף פון א הפקרדיקער"כצאן לטבח יובל"דיקער עדה, וועל-כע מען פירט צו דער שחיטה אין די "צארישע"פאגראם - יארן; דאס איז אויך ניט געוועזן דער ווי-געשריי פון די סטאליניסטישע "טשיסטקעס"(ריינקונגען), נאר - אן אויפברויז פון צאָרן און פראטעסט, א טענה און תביעה, וואס שמעקט מיט פולווער און מיט נקמה. דאס איז גע - וועזן דער אלארם פון דערוואכטן רוסישן אידנטום צו א ניי און פריי לעבן אין אייגענעם היימלאנד.

---

און - אט אזוי וויקלט זיך פארנאנדער דער סענסא-ציאנעלער קנויל פון אונזער ראמאן, א שפאנענדע געשיכ-טע פון ליבע און אינטריגע, אנטיסעמיטיזם און פיאנע-רישקייט פאר ציון, מלחמה און פרידן, שפּיאָנאזש און סאבאטאזש, אויף דער קאנווע פון דער צווייטער העלפט פון אונזער יארהונדערט אין ראטנפארבאנד און אין - מדינת ישראל, אין א גראנגל צווישן אן אידישער און א גוישער וועלט.

## קאפיטל 2

## דאס ווייס-רוסישע קליינשטעטל

"או-וואו! געדענקט איר, ווי אונזער שטעטל האט אויסגע-ועך אמאל, און וואס פאר א פנים דאס האט היינט-צו-טאג?"

אזוי האט איין איד געפרעגט דעם אנדערן, זיצנדיק אויף א באנק אין א ווינקל פון א זייטיק געסל.

"וואס הייסט, צי איך געדענק? איך בין דאך דאָ גע-בארן געווארן. אמאל איז דא געווען א גן-עדן, מיט א געדיכ-טער באפעלקערונג פון אחינו בני ישראל, קרעמער, קליינהענ-דלער, ארבעטער, ווי אויך שיינע אידן, כלי-קודש, חזנים, שוח-טים, שמשים, מלמדים. מיר האבן אפילו אויסגעהאלטן אזש 3 רבנים, וועלכע האבן געצויגן חיונה פון פארקויפן הוי-וון און ליכט צו די בעלי בתים.

-פליטניקעס האבן געצויגן צוזאמענגעבונדענע קלעצער פון דאנען ביז צו פרייסן איבערן טייך, וועלכן מען פלעגט אויך קענען אריבערפארן מיטן "פּאַראָם" (באוועגליכע בריק). סוחרים פלעגן פארן האנדלען אויף יארידן; "שאפארעס" האבן געפירט מסחר מיט געהילץ; "קאמיוואיאזשארן" פלעגן ברענגען סחורה פון דער גרויסער שטאט אויף באשטעלונגען.

-אין א מארק-טאג פלעגן „שענקערס„ אַנטרינקען און אנ-זויפן די גויים, פארדינען עטלאכע "קארבאנצעס" (רוסישע רוב-לען) און אויסשטיין געהאקטע צרות און קללות פון די גו-יים. מארק-אידעמס פלעגן זיך דינגען ביז חלשות פאר א הע-רינג און אנשפייען אין האנט אויף א "פּאָטשאַטאָק" פון פדיון. ערליכע אידן פלעגן גיין אין שול דאווגען, לערנען און - תהלים זאגן. אבער דאס איז אלץ געווען - א מ א ל.

"זעט נאר אן איבערקערעניש! זיבט די באלשעוויקעס האבן דא ארייבגעשטעלט א פוס , האט זיך אלץ געענדערט" - איז געפאלן א באמערקונג מצד דעם צווייטן איד-"ממש א חורבן".

"רעדט ניט הויך; מען וועט נאך דערהערן און אונז פארמסר'ן. לאמיר זיך אָפטראָגן פון דאנען!"

די צוויי אידן זענען אוועק ערגעץ אנדערש פארצוזעצן דעם שמועס אין באהעלטעניש, אין געהיים.

קאפיטל 3

נייע צייטן - נייע לידער

"איז וואס זאגט איר, טאקע אן איבערקערעניש"-האט דער איד פארגעזעצט-" אלע צרות נעמען זיך פון דער מלחמה, וואס האט אויסגעוואָרצלט אידישע ישובים,אפגעווישט דעם אלטן געזיכט פון דער וועלט און איר געגעבן א נייעם פנים. דאס נייע לעבן איז דאָך, אין דער אמתן, א שוידערליכער אפגרונט, א גהינום, כאטש זיי רופן עס "דער רויטער גן-עדן". ווי א וויסטער געוויטער זייבען זיי געקומען, די קאמוניסטן , מיט זייער נייעם רעזשים און דיסציפלין.

"דאַלאָי סאַמאָדזשערזאַוויעץ" (נידער מיטן זעלבסט -באשטימטן הערשער)! א טויט די בורזשוען,די ספעקולאנטן,דעם "צאַר"! דאס איז סאָוויעטסקאַיא ראָסיאַ",אונזער לאנד פון די האָרעפאשניקעס,פויערן פון פּאָלקס-פראלעטאריאט.נידער - מיט די "קולאַקעס"(גוט-באזיצער)און עקספלאאטאטארן!

-מיר וועלן פטור ווערן פון די גבירים,פארשיקן זיי אויף "קאטארגע" (שטראף-עקספעדיציע) אין סיביר.מיר וועלן רעקווירירן זייער האָב און גוטס,וועלכער איז צו זיי גע-

קומען דורך אונזער שווייס און בלוט;מיר ווען אוועקנע-
מען זייער קאפיטאל און דערמיט זיך צעטיילן,ווייל דאס גע-
הערט צום פאלק״- אָט מיט דעם לשון האט זיך אויסגעדריקט
דער הויפט-קאמיסאר,ווען ער איז אריין אין שטעטל.

באלד האט שוין אנגעהויבן צו הערשן א פאניק. די נייע
רעגירונג האט אָנגעהויבן צו רעקווירירן פארמעגן, סחורות ,
שפייז-ארטיקלען, ארייגענומען אלץ אונטער איר קאָנטראל -
און מען פלעגט דארפן שטיין אין ״אָטשערעדי״ (רייע) אויף די
קארטן פאר דער שפייז-פאַרציע פון ״פּאַיאָק״(צוגעטיילטע נאר-
מע). די רויטע ארמייער האבן צעטריבן פון מארק די פארקוי -
פערינס און ביי זיי צוגענומען די סחורה און די מאגערע
חיונה״.

״עפעס א קלייניקייט, וואס דא האט פאסירט״- האט פאר-
געזעצט דער איד-אפילו אונזערע אייגענע באַד-יונגען האבן
זיך אנגעשלאסן אין ״קאָמסאָמאָל״ (קאמוניסטישע יוגנט- ארגא
ניזאציע), זענען געווארן ״יעווסעקעס״ (אידישע סעקציע) ,
און זיי ריידן-אויס כל-דבר-אסור אויף גאט און אויף דער
תורה״.

די נייע פירער האבן ביי די פויערים צוגענומען זייער
גאנץ האב-און-גוטס, תבואות, בהמות, פעלדער און עס איינ -
געשלאסן אין די ״קאָלכאָזן״(קאלעקטיווע ווירטשאפטן) אונ -
טער דער קאָנטראל פון דער רעגירונג. מען ארבעט צוזאמען
און מען באקומט א באשטימטן לוין. קיין פריוואט אייגנטום,
קיין פריוואטע אונטערנעמונג, קיין פרייע קאנקורענץ; די
רעגירונג אי דער בעל-הבית.קאמוניסטישע פאבריקן און״קאל-
כאזן״-אט דאס איז דער נייער קאמוניסטישער סיסטעם.

פארשטומט זענען געווארן די אלטע ניגונים, און אויף די ליפן טראָגט זיך איצט א נייער מאטיוו, וועלכער גלאָריפי-צירט: "מאַטושקא ראָסיִיאַ" (מאמע רוסלאנד).

נייע צייטן, נייע לידער.

נאר דער בית-עלמין שמעקט נאך מיט אלטע קברים-בלעט-לאך פון אן אונטערגעגאנגענער וועלט און פארלאשענע לעבנס, און פון די מציבות קען מען אראפלייענען אויפשריפטן פון א וועלט, וואס געווען,
איז געווען -און
נישטא!...

קאפיטל 4

קריינדעלע, די שטעטלדיקע "קראסאוויצע".

אט אין דעם ווייטן ווייס-רוסישן העק, אין דעם זומפ פון פארגליווערטן אלטן שטייגער און אין דעם נעסט פון דעם אויפגעוואכטן רעוואלוציאנערן גייסט און רעוואלט דורך דעם בונטארן סיסטעם פון "פויער, פאלקסמענטש און הארעפאשניק", אין דער פרומער היים פון ר' יוסף, שטעטלשן חזן-שוחט ומוהל, און פון רבקה, דער צדקה-גבאיטע, האט זיך אויפגעצויגן זייער בת-יחידה קריינדעלע, זייער קרוין אין קאפ, די יפת-תואר, אדער ווי מען האט זי גערופן אויף רוסיש: די קראַסאַוויצע".

טאטע-מאמעס קרוין און די קריינדל פון גאנץ שטעטל, האט די "פרינצעסין אין שמאטעס", אויפגעבראכט אין ארימ-קייט, געצויגן אלעמענס אויפמערקזאמקייט מיט איר פאר -



קריינדעלע, די שטעטלישע יפת-תואר
ר׳ יוספ׳ס און רבקה׳ס
בת - יחידה

„ א רויז צווישן דערנער"

בלענדנדיקער שיינקייט און רייץ.

"זע נאר דעם טריפהנעם מזל פון א קבצן"-האבן רייכע אידענעס מיט פעטע, פוכקע גוידערס, זיך געשושקעט-קוקט נאר-אָן די רויטע בעקלעך, ווי צייטיקע עפל; דער-נערט זיך פון סקארינקעס (פארדארט ברויט) און בליט,ווי א רויז, שיינט ווי זיבן זונען; היינט א קאפ פון א מי-ניסטער,א שכל, א גערעטעניש-

די מאמע פלעגט אויפכאפן דאס געמורמל,אויסשפייען 3 מאל, אלס סגולה צו עין-הרע, און בעטן גאט,אז א בייז אויג זאל, חלילה, דאס קינד ניט שאטן.

טראָץ איר שיינקייט און געראטנקייט איז אבער אט די קריינדעלע פארפאלגט געווארן פון א שווערן,ביטערן מזל און איז פון איר פריסטער קינדהייט געשטאנען פאר גאר גרויסע נסיונות. איר איז געווען באשערט דורכצומאכן די טראגישע אומוואנדלונגען פון איר שווער-געפראוווט און אויסגעמאטערט פאלק, דעם איבערברוך פון דורות,די אויס-ווארצלונג פון טראדיציע אונטער דעם אימפעט פון פרעמדע אויפטרייסלנדיקע שטורמווינטן.

דאס שטעטל האט געפירט א דאפלט לעבן.אויף דער אוי-בערפלאך האט זיך געמערקט דער איבערוויגנדיקער איינ - פלוס פון די קאמוניסטישע טעאריעס און לעבנס - ארט. דער גרעסטער פראצענט פון יונגן אידישן דור איז אפגע - ריסן געווארן פון שטאם און שורש און מיטגעשלעפט גע ווארן מיטן נייעם שטראָם פון רויטן אינטערנאציאנאל.

"אונטערגרונט", אבער, האט זיך פארמירט א קאנספיראטי-
ווער פראַנט פון אריינגעשמוגלטן ציוניזם דורך פראפאגאנ-
דע, וועלכע האט אהער דערגרייכט פון מדינת ישראל מיטן
געהיימען אפאראט פון אומלעגאלע ראדיא-אוידיציעס, דורך
"דורכגעשווארצטער" פרעסע און ליטעראטור און אויך דורך
פלאם-פייערדיקע רעדנער, ציון-פאטריאטן, ביי די געהיי-
מע "סכאַדקעס" (צוזאמענקונפטן) ערגעץ-וואו אין די וועל
דער.

אויבנאויף האט געוואלטעט און געשטאלטעט דער"קאמסא-
מאל" און די"יעווסעקציע" (אידישע סעקציע), וועלכע האבן
געריסן שטיקער פון אידישקייט, פארפאלגט די פאררעטער פון
ראטנפארבאנד און מיט דער הילף פון רעזשים און פון"עָן-
קא-ווע-דע" און אנדערע פאליציי-אָרגאנען און שפיאָנאזש
אגענטורן געזוכט אויסצורייניקן "מאטושקא ראסייא"פון אט
דעם קאנטער-רעוואלוציאנערן איבל און פלאג. "אונטן"אבער
האט זיך פארשפרייט דער נאציאנאלער רענעסאנס און "ישיבת
ציון"באוועגונג, וועלכע האבן זייער אָפט אנגענומען די
פארם פון עפנטלעכע הונגער-שטרייקן, פראטעסטן און דעמאנ-
סטראציעס וועגן ארויספאר-דערלויבענישן צו ישראל. זיי
פלעגן דערשטיקט ווערן דורך ארעסטן, אפזאָגונגען פון שטע-
לעס, פארשיקונגען אין טורמעס, משוגעים-היידער, צוואנגס
ארבעט לאגערן א.א.וו.

דאס איז געווען די אטמאספער און שטימונג אין דעם
שטעטל, וואס האט פארטונקלט קריינדעלע'ס יוגנט, באווירקט
איר געמיט מיט שטורם און דראנג, זי געשטעלט פארן נסיון
און געפאר, און פאָרמירט איר שפעטערדיק לעבן און איר

געראנגל און מסירת-נפש פאר קיום, פאלק און לאנד.

## קאפיטל 5

## דער מגן-דוד און דער "רויטער שטערן".

ווי א מערקווירדיקער פאראדאקס איז צוזאמען מיט דער איבערפלעכלעכער איבערקערעניש, נוסח סטאלין, אויך אויסגע-וואקסן א סטיכיע פון אן אונטערערדישער רעוואלוציע, די - דערוואכונג פון דעם נאציאנאלן אידישן גייסט און די בענק-שאפט נאך היימלאנד.

פון מויל צו מויל און פון אויער צו אויער זענען דערגאנגען מיסטעריעזע שמועסן און פליסטערן וועגן א נייער זון, וואס גייט-אויף פאר אידן אין מזרח איבער די בערג פון יהודה און ירושלים. אונטערערדישע ראדיא-באריכטן האבן אי-בערגעגעבן וועגן א פיאנערישער אידישער יוגנט, וועלכע בויט און קעמפט, חלומט און שאפט דאס אידיש היימלאנד; ווי חלוצים, סטודענטן און "עמק" טריקענען זומפן און באפרוכפערן אט דעם מדבר. דווקא די "מפונקים", נאכגעגעבענע טאטע-מאמע קינ-דער, צערטלעך- אויסגעכאוועטע זין און טעכטער, פון רייכע היימען, וואו מען האט זיי געגעבן "דאס טעלערל פון הימל", אט זיי האבן אויסגעטאן די גימנאזיאלע און סטודענטישע או-ניפארמען, אנגעטאן ארבעטס-קליידער, און זיי האָרעווען אויף דעם הארטנעקיגן באדן פון ציון, אין מי און שווייס. זיי - טוען "כל עבודת פרך", שווערע "פראצע", אקערן, זייען, שניידן, טראגן שטיינער, בריען זיך אונטער דער גליענדיקער זון ביי טאג, און גייען מיט דער ביקס אויף "שמירה"-וואך ביינאכט קעגן די אראבישע טעראריסטן. אט די העלדישע יונגווארג

טראגן-אויס אויף זייערע פלייצעס דעם יאך און די פרייד פון אן אויפגייענדיקן נייעם לעבן.

קריינדעלע איז מיטגעריסן געווארן מיט דעם נייעם אונ־טער-ערדישן שטראם פון "מָגֵן דָוִד" קעגן דעם "רויטן שטערן" פון דער וויזיאנערישער לאזונג: "אויב איר ווילט, איז עס ניט קיין לעגענדע", וואס איז ארויסגעזאגט געווארן דורך דעם פאטער פון ציוניזם, דר. טעאדאר הערצל, און פון דעם חלום וועגן א באשערט ווינקל אונטער דער זון פאר איר גע־דריקט פאלק, און זי האט אנגעהויבן באזוכן די געהיימע "סכאָדקעס".

א דעצידירנדיקן איינפלוס אויף קריינדעלע'ס געזינונג האט אבער געהאט די מעשה מיטן ביאליסטאקער רב און ציון-פיאָנער, הגאון רישמואל מאהליווער, וועלכער האט אפגע - האלטן א דיאַלאָג און געוואונען דאס הארץ און גערירט דאס פארטעמפט געוויסן פון דייטש-אידישן מיליאנער, באראן ראָט-שילד, לטובת דער "חיבת-ציון" באוועגונג.

"הערט, מאדמאזעלו" - האט איר א שלאנקער בחור מיט א פאָר גליענדיקע אויגן און א שארף צינגל אויף שרויפן, דער ציילט דעם פאלגענדן פיקאנטן עפיזאד:

"דער ביאליסטאקער רב, רישמואל מאהליווער, איז אמאל געקומען צו באראן ראטשילד בעטן א ביישטייערונג פאר ארץ-ישראל, פארן ישוב פון לאנד.

"אבער, הער ראבינער, דייטשלאנד איז דאך מיין פאטער



רבקה, די שוחטיקע
די פארוויטאגטע ״ אידישע מאמע״
״וויי און ווינד צו דער קלאגענדיקער מאמען!״



ר׳ יוסף, חזן-שוחט
דער בייזער און ברוגזיער טאטע
״פאלג דעם טאטן, חוצפה ידיקע מוידן״

לאנד; איך ברויך קיין אנדערס און קיין בעסערס "-האט דער
באראן פאלעמיזירט.

"איך דיסקוטיר ניט מיט אייך, הערן באראן,אייער פאט _
ריאטיזם פאר דייטשלאנד. אידן דארפן אבער אויך האבן א
"מוטערלאנד", און דאס איז נאר ארץ ישראל."

די ווערטער האבן באווירקט באראן ראטשילד און ער האט
געגעבן דעם רב א בכבודיקע ביישטייערונג.

"אט דאס איז אויך מיט אונדז"- האט דער בחור פארגעזעצט
"לויט אייער באגריף איז אפשר רוסלאנד א פאטערלאנד,אבער
נאר מאמע-ציון און ניט "מאטושקא ראסייא" איז אונזער
מוטערלאנד."

די ווערטער זענען טיף איינגעזונקען אין קריינדעלעס
געדעכעניש.

סאוויעט-רוסלאנד און ארץ ישראל האבן זיך ביי דער
דארטיקער יידישער יוגנט אויספארמירט אלס צוויי קעגנגע
זעצטע פאַקטאָרן: דער "מגן-דוד" קעגן דעם רויטן שטערן";
דער קרעמל -קעגן דעם "כותל המערבי (להבדיל) אויף
דער וואָגשאָל פון אידישן גורל און צוקונפט.

קיינער האט ניט באנומען, אז אט פון דעם קאנפליקט
צווישן דעם מגן-דוד און"רויטן שטערן",דעם"אונטער-ערדישן
ציוניזם" און "אויבער-ערדישן קאמוניזם",וועט זיך שטופנ-
ווייז צעפלאקערן א קאמף פון פרייהייט קעגן פארשקלאפונג,
פון - לעבן קעגן טויט.

## קאפיטל 6

## א צעשטערטער שלום-בית

די שטימונג אין שטעטל האט געהאט א טיפע ווירקונג אויף די באציונגען צווישן קריינדעלען און טאטע-מאמע און דערפירט צו פארשארפטער שפאנונג אין דער משפחה.

געווען איז איר פאטער א ביידער איד,א כעסן;ביט געקענט פארטראגן דער טאכטער׳ס פארשייטן געזאנג און געלעכטער,ווי אויך איר סימפאטיע מיט די ווייס-בלויע "בונטאווששיקעס" ביי די געהיימע"סכאדקעס",וועלכע ריידן געפערליכע רייד וועגן ציון,ירושלים,וואס קע-נען שטעלן אין סכנה זיין שטעלע,פרנסה און די זיכער הייט פון דער פאמיליע.

"געזען שוין אזא חצופה,א פארשייטע בתולה,וואס זי איז?טאג און נאכט אין שפיגל,און- א מויל אויף שרויפן. פארמאכט זיך ניט אויף א מינוט;דא געזונגען,דא געלאכט, אז טפו זאל עס ווערן!"

"וואס ווילסטו פון קינד?"-האט זיך שוין די מאמע אריינגעמישט-"זי איז דאך א בלוט-יוגנט.איז עס דען א תכלית פאר איר אייביק צו קלאגן, צו זאגן קינות?מילא מיר זיינען שוין עלטערע מענטשן;זי איז דאך אבער נאך יונג; דער מאמע׳ס מילך אויף די ליפן".

צוליב זיין קענטניש פון דער רוסישער שפראך און פון זיין צופאסן זיך צום בייעם רעזשים,און זיין פרא פעסיאנעלער פאכמענישקייט,איז ריווספן געלונגען צו פארשלייערן זיין קלעריקאלע פארגאנגענהייט,אלס"כלי-קודש".ער האט באקומען א שטעלע ביי דער רעגירונג, אלס בוכהאלטער.אידישקייט פלעגט ער אפהיטן שטילער-

הייט, אין געהיים, קוילעבען א קעלבל ביי עמיצן אין שטאל, מל זיין א קינד באהאלטענערהייט, דאוונען מיט א"מבין" אין א פריוואטער הויז און נאר ימים נוראים שטיין ביים עמוד פאר א גרעסערן עולם אין שול, אלס שליח-צבור. ער פלעגט זיין העכסט-פארזיכטיק, כדי ניט ציען אויף זיך קיין חשד, ווי אויך דעם צארן פון זיי-נע "רויטע" בעלי-בתים.

"ווען עס זיינען צו אים דערגאנגען די קלאנגען, אז די אידישע "בונטאווששטשיקעס" פארזאמלען זיך אויף "סכאדקעס" אין וועלדל ביים טייכל צו פריידיקן ציונ-יזם, האט אויף אים אנגעהויבן ציטערן די הויט און ער האט געווארנט קריינדעלען זיך ניט צו חבר'ן מיט די צו-להכעיס'ניקעס, וועלכע זיינען קעגן דער רעגירונג.

"הערסט, מויד, וואס איך זאג דיר-אן, זאלסט ניט וואגן אהין צו גיין! זיי וועלן אונז, חלילה, אויפן פייער ארויפברענגען. "ציון" האט זיך זיי פארוואלט. דאס איז אן עסק פאר משיח'ן. דערווייל דארף מען גאט בעטן פארן פרידן און וואוילזיין פון דער רעגירונג. אזוי לערנען אונז אונזערע חכמים, זכרונם לברכה".

"אבער מיר זיינען דאך אידן און אויך מיר דארפן האבן אן אייגן לאנד" - האט זיך קריינדעלע געדונגען.

"וואס, דו ביסט שוין די גאנצע חכמה. רייד ניט אזוי! מיר דארפן זיין געטריי צו "מאטושקא ראססיא". אונזערע חכמים לערנען אונז, אז גאט האט געטאן מיט דעם אידישן פאלק דעם גרעסטן געבאד, וואס ער האט אונז צעשפרייט צווישן די פעלקער. מיר זיינען געגליכן צו א"פארשפרייטער שעפס", צעזייט אומעטום ביי פעלקער פון

דער וועלט״

צו פארזיכערן, אז קריינדעלע וועט ניט קריכן איך היזק און ניט באשעדיקט ווערן פון איינפלוס פון די ציוניסטישע ״אונטער-ערד׳ניקעס״, האט ר׳ יוסף באשלאסן אריינצוגעבן זיין בת-יחידה אין דער רוסישער גימנא-זיע, און זי איז, פארשטענדליך, שוין געווארן א מיטגליד פון ״קאמסאמאל״, וועלכער האט זי פאר׳סמ׳ט מיט האס צו דער אלטער, פארשימלטער וועלט פון אירע עלטערן און זי אויפגערייצט קעגן די נאציאנאל-שאוויניסטישע אספי ראציעס פון אירע יוגנט-חברים.

דער ״קאמסאמאל״ האט געשאטן פעך און שוועבל אויפן אלטן דור, אויף אידישקייט, אויף ציוניזם און אויך אויף ארץ ישראל. קריינדעלע איז דורכגעדרונגען געווארן מיט שנאה ניט נאר צו איר פאלק און גלויבן, נאר אויך צו אייגענע טאטע-מאמע און צו זייער אלטמאדישער, אויס-געשפילטער און פארגליווערטער אידישקייט.

אזוי האט זיך שוין באצייטנס אנגעהויבן גראבן דער אפגרונט צווישן טאטע-מאמע און טאכטער, ווי אזיך צווי-שען מע טש און פאלק, און- דער איראנישער גורל פון אן אידיש קינד אין א גויישער סביבה האט שוין פארוועבט זיין פארפירערישע נעץ.

דאס איז שוין געווען דער אומגליקלאכער קערן, פון וועלכן עס האט ארויסגעשפראצט די שפעטערדיקע טרא געדיע. דער שטן, דער טייוול, האט פארלייגט זיין מע-פיסטאפעלישע פאסטקע אויף אן אומשולדיקן קרבן און אים געפירט אויף א גליטשיקן וועג פון געפאר, קאנפליקט און קאטאסטראפע.

## קאפיטל 7

## דער שפין און די פליג

קריינדעלע-ווערלכע האט שוין געביטן איר נאמען אויף : "קאטיושא יאסיפאווגא", לויט דער רוסישער נאמענקלאטור, האט זיך אין גימנאזיע אויסגעצייכנט מיט איר שארפן מח און פענאמענאלן זכרון און האט זיך אויסגעלערנט א גלענצענדן רוסיש. זי איז געווען די בעסטע שילערין און באלייגט דעם מאטורע-עקזאמען פאר רייפקייט אין בילדונג מיט די בעסטע "אטמעטקעס" (צייכנס), אבער גלייכצייטיק האט זי זיך אינגאנצן דערווייטערט פון איר שורש און געווארן פולשטענדיק רוסיפיצירט און קאמוניסטיש - געשטימט. זי איז ארומגעכאפט געווארן פון דעם גייסטיקן מאטיוו פון אינטערנאציאנאלן פראלעטאריאט און איז אויך געווארן די אנגעזעענסטע פיגור צווישן די פירער פון דער קאמוניסטישער יוגנט, דעם "קאמסאמאל". זי האט מיט פאר אכטונג אנגעהויבן קוקן אויף אירע אלט-מאדישע טאטע-מאמע און די שאוויניסטישע אידישע חברים, וועלכע טראגן זיך א רום מיט אן אומדערגרייכבארער אוטאפיע וועגן א זעלבסט שטענדיקן נאציאנאלן אידישן לעבן אין ארץ ישראל.

אין שטעטל איז דאן אויך געווען א יונגער, בלאנדער שייגעץ פון אמאליקן רוסישן אדעל, פון דער געוועזענער אריסטאקראטיע. ער האט געהייסן: מאטווע פיאדאראוויטש. אויך ער האט רעוואלטירט קעגן זיינע עלטערן, די אמאליקע "קולאקעס". ער האט זיי פארגעווארפן זייערע בורזשואזע אנשוירונגען און זייער עקספלאאטאציע פון פאלקסמענטש און

זיך דערווייטערט, אוועק פון הויז. ער האט געלערנט אין זעלבן קלאס גימנאזיע, ווי קאטישא, און צוזאמען מיט איר איז ער געווען פון די פירער פון "קאמסאמאל", וואו מען האט אים געקענט אלס עקסטרעמן רעוואלוציאנער קעגן דער אלטער וועלט. ער האט שפעטער אויך געגעבן לעקציעס אין די קלענערע קלאסן פון דער זעלבער גימנאזיע.

די יידישקע און דער שייגעץ האבן זיך באפרייכדעט, און עס האט זיך צווישן זיי אנטוויקלט אן ענגער בונד. מען האט זיי אין שטעטל געזען צוזאמען שפאצירן און פארברייגען ביז שפעט אין דער נאכט אריין.

מאטוועי האט געפריידיקט צו קאטיושאן די נייע רעליגיע פון קאמוניסטישן אידעאל און זי פארסמיט מיט גאטלאזיקייט און האס צו איר פאמיליע און פאלק, פארטיפנדיק די שנאה, וועלכע האט זיך שוין ביי איר פון פריער אנטפלעקט; ער האט נאר צוגעגאסן אויל אויפן פייער און פארטיפט דעם אפגרונט צווישן איר און איר אפשטאם און מקור.

כאטש קאטיושא איז שוין געווען אפגעפרעמדט פון איר וארצל, דאך איז איר געווען שווער צו פארטראגן קריטיק אויף איר משפחה און פאלק פון דעם מויל פון א שייגעץ. עס האט זאך פאר איר געשמעקט מיט אנטיסעמיטיזם.

"פארוואס בינסטו, מאטוועי, אזוי שטארק פארביסן קעגן מיין פאלק און מיין ראסע, ווי אויך קעגן מיין היים?" - האט קאטיושא אים געפרעגט.

״איך האב גארניט אויסצוזעצן קעגן דיין ראסע, נאר איך באדויער, וואס אידן זיינען געבליבן פארגליווערט אין דעם שימל פון אלטקייט און וואס זיי לעבן מיט דער אי-לוזיע פון א נאציאנאלער היים אין ציון. אידן זיינען ניט קיין פאלק, נאר א טייל פון דער מענטשליכער פאמי ליע אין אלוועלטליכן אינטערנאציאנאל, און אלס אזוינע דארפן זיי זיך באטראכטן, ווי גלייכע מיט גלייכע אינעם הוידזגעזינד פון דער וועלט. זיי דארפן אויפגעבן זייער נאציע, זייערע סעפאראטיסטישע אספיראציעס, זייער איינ-בילדעניש פון אן ״אתה בחרתנו״-פאלק, דעם שאוויניזם פון א ״סופער-נאציע״, און נאר אויף דעם אופן קענען זיי זיין ברידער און שוועסטער פון דער אלוועלטליכער קאמו ניסטישער געמיינדע״.

„ווי קענען אידן און קריסטן זיין צוזאמען, הויזן אונטער איין דאך, טראץ זייער אונטערשייד פון אפשטאם, ראסע און רעליגיע?״-איז קאטיושא צוגעשטאנען.

״אט דאס איז דאך טאקע דער אידעאל פון קאמוניס-טישן אינטערנאציאנאל אפצווישן און אפצושאפן נאציאנא לע אונטערשיידן. אונזער גרויסער טעארעטיקער, לענין, האט געפריידיקט א געמיינשאפטליכע געזעלשאפט פון פרייע מענ טשן, וואו עס פארשווינדט דער פאראורטייל פון איד און קריסט. לעבן און ארבעט פאראייניקן אלעמען אונטער די פאל דן פון דער רויטער פאן און עמבלעם פון״סיערפ און האמער״ די רעוואלוציע פון 1917 און דער קאמוניסטישער מאניפעסט אט דאס איז אונזער רעליגיע און לעבנס-וועג. די נייע וועלט איז געבויט אויף קאמונעלע יסודות פון דער סאציאליסטי שער ארדענונג. יעדער מענטש איז געבארן פריי און בארעכ-טיקט צו גלייכהייט, ארבעט און שוץ. מיר אלע פראדוצירן

און געביסן צוזאמען די פרוכט פון אונזער מי;די פרא-דוקטן פון אונזער זשעני. אונזער לעגיטימאציע איז: מענטש, מיטגליד פון דעם אינטערנאציאנאלן פראלעטאריאט

און פון דער וועלט-משפחה; אונזער אידענטיפיצירונגס-פאראל איז:טאווארישטש-קאמעראד;אונזער שטרעבן איז שלום און מענטשנ-ליבע.

די באפליגלטע ווערטער האבן,ווי פלאטערנדיקע טויבן, זיך פארבעסטיקט אין קאטיושאיס באיווער הארץ און נשמה.

ווי מיט כישוף איז קאטיושא צוגעצויגן געווארן צום בלאבדן שייגעץ,וועלכער האט אזוי קונציק קאמאפלאזשירט זיין אמתן האס צו אידן.

"ווי באציט זיך די קאמוניסטישע דאקטרינע צום פלאג פון אנטיסעמיטיזם?"- האט קאטיושא געפארשט.

"מיר פארדאמען אנטיסעמיטיזם,ווי א העסליכע פעסט. ביי אונז קען גאר ניט עקזיסטירן קיין אידן-האס,וועל-כער איז אן איבערבלייב פון דער אלטער,פארשימלטער ארדע נונג.וויבאלד מיר שאפן-אפ נאציאנאליזם און מיר גלויבן אין אן אלוועלטליכער געזעלשאפט פון פאלקסמענטשן און הארעפאשניקעס,קען פאר אנטיסעמיטיזם קיין פלאץ ניט זיין.

"ווי אזוי איז די שטעלונג פון קאמוניסטישן מאני-פעסט צו דער פאזיציע פון דער פרוי?"-איז קאטיושא גע-ווען נייגעריק.

"מיר גלויבן אין דער גלייכבארעכטיקונג פון מאן און פרוי אויף אלע געביטן-האט מאטוועי געהנפיעט,און

זיך באמיט צו שמייכלען קאטיושאן אויף דעם סענטימענטאלן געביט פון אירע געשלעכטליכע געפילן.

„מיר מעסטן ווערט און פארדינסט לויט דעם מאסשטאב פון מענטש און במילא איז א פרוי אויפן זעלבן ניווא, ווי א מאן, אין זין פון ארבעט, בילדונג, אינדוסטריע, קונסט, דערציונג, פאליטיק, געזעלשאפטליכקייט, אין ארמיי, ווי אויך אין ציווילן לעבן".

"עס איז געווען אן אומפארגעבליכע זינד פון דער אלטער ארדענונג צו אונטערשעצן די פרוי".

קאטיושא האט זיך געפילט געשמייכלט פון דער דזשענטעלמענישקייט פון איר קאוואליער, וועלכער באטראכט זי, די יידישקע, די פרוי פון שוואכן מין, פאר זיין גלייכן.

"וואס וועט זייך מיט די נאציאנאלע אספיראציעס און קולטור, וואס יעדעס פאלק פארמאגט?" - האט קאטיושא ווייטער דיסקוטירט - "קען מען עס דען פארבאטן?".

" דער סאוויעטישער סיסטעם וועט געבן טעריטאריעלע אנערקענונג צו די פארשיידענע-עטנישע גרופירונגען, און אויטאנאמיע צו נאציאנאליטעטן. זיי וועלן זיך קענען אויסלעבן אויף זייער ארט און שטייגער, אבער נישט אלס באזונדער אומאפהענגיק פאלק, נאר אלס טייל, אלס רעפובליק פון גרויס-רוסלאנד, אויף א באשטימטן שטח לאנד אין "מאטושקא ראסייא", ווי בירא-בירדזשאן - פאר אידן, אוזבעקיסטאן - פאר אוזבעקן, קירגיזיע פאר קירגיזן, גרוזיע פאר גרוזינער א.א.וו., אבער אלע וועלן זיין בירגער פון א סאציאליסטישער ריזיקער היימלאנד"

קאטיושא איז היפנאטיזירט געווארן דורך מאטוועיס פיפיקער פראפאגאנדע, האט אים געגרויט און געגלויבט, און איז געפאנגען געווארן אין זיין פארפירערישער נעץ.

זי האט זיך צו אים צוגעבונדן מיט אלע פעדים פון איר צארטער נשמה. איר קויל-שווארצע אויגן פון א הייסער ברונעטין זיינען באצוואובגעגן געווארן דורך דעם טריפֿי ענעם בליק פון כיטרען בלאנדן שייגעץ און זי האט זיך צו אים צוגעקלעפט מיט לייב און לעבן.

מאטוועי האט קאטיושאן פארזיכערט טרייהייט און - ליבע אויף זיין קאמוניסטישן ערן-ווארט, און דערביי געזאגט, אז ער מיינט עס ערנסט; ער וויל זי ארויסשלעפן פון אידישן שימל אין שטעטלדיקן זומפ אין דער גרויסער, פרייער וועלט, וואו גלייכהייט און יושר זיינען די פונדאמענטן פון א נייער ארדענונג.

אזוי האט א גיפטיקער רוסישער שפין פארוועבט א פארפירערישע שפינוועבס און ארייגעגנומען אין קלעם זיין קרבן, די שוואכע אידישע פליג, כדי זי אויסצונאגן און פארפלאנטערן אין א קנויל פון טראגעדיע, קאטאסטראפע און אומגליק און אויסזאפן איר אומשולדיק בלוט, מארך און ביינער.

## קאפיטל 8

## בייז לעבן אין הויז

ביידע צינגער האבן דערטראגן צו יוספ'ין די רכילות, אז זיין קריינדעלע שלעפט זיך ארום מיט א שייגעץ גאנצע טעג און נעכט. פריינט און שכנים האבן אים, אין געהיים, פארגעווארפן, ווי פאסט עס פאר א "כלי-קודש", א חזן-שוחט ומוהל, אז זיין בת-יחידה זאל זיך אויפפירן הפקר'דיק; וואס זאלן שוין טאן אנדערע מיידלעך אין שטעטל, אויב אזוינס קען געשען מיט זיין שמן-זית'דיקער טאכטער? ווי קומט עס, אז זיין קריינדעלע זאל זיין ביי לייטן אין די מיילער?

פארוואס דערלאזט ער עס דערצו?

ר׳יוסף איז געווארן באזארגט.דערויף האט ער זיך גארניט געריכט.ער האט זי אוועקגענומען פון די אידישע הפקר-יונ-גען, האט זי זיך גאר פארדרייט דעם קאפ מיט א שייגעץ. ער האט זיך אנגענומען מיט מוט און איינמאל פאר אלעמאל איז ער צוגעשטאנען צו קריינדעלען מיט צודרינגלעכע פראגען:

״הער נאר, מוידו! מען דערציילט מיר אויף דיר מיאוסע זאכן, אז דו שלעפסט זיך ארום מיט א שייגעץ. איז דאס אמת, אדער בלויז רכילות?״

״און אויב אמת, איז וואס? מען טאר ניט?״- האט זיך קריינדעלע פארעקשנט.

״וואס מיינסטו, חצופה, א שייגעץ גאר? ווייניק אידישע בחורים זיינען פאראן?״-האט זיך דער טאטע געבייזערט.

״וואס ווילסטו האבן פון קינד?-האט זיך שוין די שוחטקע אריינגעמישט-״מאלע וואס בייזע צינגער פלאפלען״.

״שטעל זיך ניט איין פאר מיר,מאמע. איך קען שוין אליין מיין שטעטל באשטיין״- האט זיך קריינדעלע העזה׳דיק אפ-גערופן.״וואס וויל דער טאטע,איך זאל פאסטן תעניתים? פון די אידישע בחורים , מיינע אמאליקע חברים, האט ער מיך אפגעריסן, מיט וועמען זשע-דען זאל איך זיך שוין יא חבר׳ן? און פארוואס טאקע ניט מיט א שייגעץ? מיר זיינען אלע גלייכע מענטשן,קינדער פון דער נייער,פראג-

רעסיוּוער וועלט פון קאמוניסטישן אינטערנאציאנאל,און סאוויעט-רוסלאנד איז אונטערשייד, איד אדער קריסט.״

״אוי,וויי און ווינד איז צו דער אלטער מאמען, וואס מיינע אויערן הערן״-האט זיך די מאמע צעכליפעט-איז עס טאקע אן אמת, א שייגעץ גאר? איך האב עס גאר ניט געדארפט דערלעבן. א שיינער נחת אויף דער עלטער. דו האסט ביי מיר אין בויך געדארפט אויסרינען״.

״אומפארשעמטע מויד,וואס דו בינסט!״-האט דער טאטע געצארנט-״איך האב דיך צוגעגומען פון די אידישע הפקר-יונגען, די ציוניסטלאך,די רעוואלוציאנערן,כדי דו,חצו פה, זאלסט אין היזק ניט קריכן, אבער - גאר פאראטן גאט,אונזער פאלק און גלויבן, אויף דעם האב איך זיך גארניט געריכט.ווילסטו דען מיר און דער מאמען אייביקע שאנדע פארשאפן און פאר דער צייט אונז אין קבר גאר טרייבן. איז דאס דיין״כיבוד אב ואם?״.

״טאטע! האסט געדארפט פארשטיין,אז מען קען דער יוגנט דעם וועג ניט פארצאמען. האסט געמאכט א ביטערן טעות,אוועקגענומען מיך פון אן אידישער סביבה און אליין מיך ארייגעגעבן אין גויישע הענט.דיין חשבון האלט ניט אויס,כאטש בו בינסט א בוכהאלטער.איך בין דיר אבער דאנקבאר,ווייל גראד אט דער שייגעץ האט מיר די אויגן געעפנט און געוויזן א בייע,גליקלאכע און פרייע וועלט,וואו רעליגיע און נאציע זיינען אויסגעוועפט באגריפן,און נאר דער פרייער מענטש איז דער עיקר.האסטו דען מיך ניט געזאגט פיל מאל״ואהבת לרעך כמוך״,ליב האבן אלעמען,איד און נישט-איד.ברענגט דאך ר׳הלל הזקן דעם כלל. פריידיקט דען -זשע ניט

ישעיהו הנביא אן אידיילישן "אחרית הימים", א גליקלאכן
ענד-ציל פאר אלע מענטשן גלייך. ישעיהו האט עס נאר
פארויסגעזען, אבער דער קאמוניזם האט דאס פארווירק-
ליכט.

"שטום, עזות-פנים'ביצע! ווי וואגסטו אזוי צו
ריידן? דו פעלשט דאך די גרונט-פרינציפן פון אידיש-
קייט"-האט ר' יוסף געשטורעמט.

"ניין, איך פעלש ניט, נאר איר זייט פארבלענדט
און פארשימלט, פארגליווערט. איר זייט קעגן פראגרעס,
פאראנקערט אין א זומפ און איר ווילט זיך ניט רירן.
איך האס אייער פארטעמפטן, פארשטיינערטן לעבנס-שטיי-
גער. איך וויל ארויס פון שטייג. איך וויל לעבן, פריי-
הייט, לופט צום אטעמען. איך האס אייער אלטע, קאלטע,
פינסטערע וועלט. איך האס א י י ך!"-האט זיך קריינ-
דעלע געקאכט.

"ווי' איז מיר"-האט ר' יוסף געיאמערט-"איך האב
דיך אפגעריסן פון די בלוי-ווייסע אוואנטוריסטן, האפ
נענדיק, אז די הויז-אטמאספער וועט צעמענטירן דיין
אידישן באוואוסטזיין, און איצט זע איך, אז דו ווערסט
פון אונז אינגאנצן פארפרעמדט".

"אמת, טאקע פארפרעמדט, ווייל ביי אייך ווער איך
דערשטיקט. האסט געמאכט א גרויסן טעות אין דיין חש-
בון.. ניט פון דרויסן, פון די ציוניסטישע הפקר-יונגען
קומט דיין געפאר, נאר פון דיין אייגענער היים. איך קען
ניט דולדן עלטערן, וועלכע זיינען אלטמאדיש און ניט גע
טריי צום קאמוניזם, צום רעזשים און צו דעם "רויטן גן
עדן. איר זייט שונאים פון ראטנפארבאנד. איך לאזט מיר ניט

איבער קיין אנדער ברירה,ווי נאר אייך צו פארמסר'ן צו די סאוויעטישע מאכט-ארגאנען.איך קען ניט הויזן אונטער איין דאך מיט פיינט פון קאמוניזם"-האט זיי קריינדעלע גערעדט.

"אוי,א בראך איז מיר,א וויטאג איז מיר!אזוי גאר רעדט אונזער בת-יחידה,אונזער אויג אין קאפ.דו קענסט ניט הויזן מיט אייגענע טאטע-מאמע און ווילסט אונז פארמסר'ן?"-האט די שוחטיקע געבראכן די הענט.

"עלטערן און קינדער זיינען צוויי באזונדערע וועלטן.דאס איז אונזער דור."מאטושקא ראסייא"און"באטיושקא סטאלין"שטייען איבער טאטע-מאמע"-האט קריינדעלע פילאזאפירט.

"אויבי איש אנשי ביתו"-גראד אויף אונז איז גאר מקויים געווארן די קללה.אויפגעהאדעוועט א שונא אין הויז,א גיפטיקע שלאנג.ווי צו מיינע אלטע יארן און גרויע האר!"-האט ר'יוסף געשריגן.

קריינדעלע איז אנטשוויגן געווארן און אויך טאטע-מאמע האבן אויפגעהערט צו ריידן,איבערגעריסן די דיסקוסיע.געווען איז עס אבער א שטילשווייגן ערב א שטורעם,וואס האט פערמענטירט אין דער צעריסענער פאמיליע פון קליינעם ווייס-רוסישן שטעטל,א פארמעסט צווישן צוויי וועלטן.

די מחלוקת און בייז-בלוט האבן געשאפן א ביטערן קאנפליקט צווישן דעם אלטמאדישן "נעכטן"און דעם מאדערנעם "מארגן",וועלכער האט זי- פארבאנדערגעפלאקערט אויף דער קאנווע פון א געדריקטן און פארנעפלטן - "היינט".

# קאפיטל 9

## דער טייוולאנישער פלאן

קאטיושא יאסיפאוונא און מאטוועי פיאגאראוויטש זיינען געווארן אינטים איינער צום אנדערן און האבן באשלאסן צו פאראייניקן זייער לעבנס-גורל. ביידע, האבן געהאט גרויס אמביציע צו העכערער בילדונג, און נאכדעם, ווי זיי האבן באלייגט מאטורא-עקזאמענעס, און באקומען דעם רייפקייט-דיפלאם (אטעסטאט זרעלאסטי), צום אפשלוס פון זייער גימנאזיאלן שטודיום, האבן זיי באשלאסן אוועקפארן צוזאמען און פארזעצן זייער ביל-דונג אין אן אוניווערזיטעט אין א ווייטער, גרויסער שטאט. עס האט זיי געלאקט מאסקווע, די שיינדל פון "גרויס-רוסלאנד", דער שמעלץ-טאפ פון מענטשן און קול-טורן, די מעטראפאליע פון דער פרייער קאמוניסטישער וועלט.

מאטוועי האט אויך ניט געהויזט מיט זיינע על-טערן, ווענען ער האט באטראכט פאר עקספלאאטאטארן און פאראזיטן, רעשטלאך פון בורזשואזן אפפאל, וועלכע דער-נערן זיך פון דעם שווייס פון פויער און הא רעפאשניק. ווען זיי האבן זיך דערוואוסט און אים פאר-געווארפן, אז ער פירט זיך ארום מיט א "יידישקע" (זשי-דאווקא) און געדראט זיך אפצוזאגן פון זייער זון, איז מאטוועי איבגאנצן אוועק פון הויז און געווארבט, אז ער וועט זיי פארמסר'ן פאר דער מאכט, אלס "קולאקעס" אויסביצער פון פאלקסמעגנטש און שונאים פון רעזשים.

"מיר מוזן איבערייסן מיט טאטע-מאמע"- האט מאטוועי איבגערעדט קאטיואשן. עס קען ווייטער אזוי ניט אנ-גיין. מיר מוזן אנטלויפן פון דאבען. געבוג, עס איז שוין

די העכסטע צייט צו צעברעכן די אלטע,פארזשאווערטע צא
מען פון ראסע און רעליגיע,פאמיליע און היים,וועלכע
האלטן אונז אין קלעם.עס רופט אונז דער פרייער דרויסן
און מיר מוזן אוועק פון דאנען אין מאסקווע און דארט
אנהויבן צוזאמען א ניי לעבן;שטודירן אויפן גרויסן,
בארימטן "לאמאנאסאוו"-אוניווערזיטעט, דעם"פארנאס"
פון הויכער בילדונג און פארזייען דעם קערן פון א
נייער וועלט פאר אונז ביידן".

"אבער,ווי אזוי קענען מיר פארשאפן אזא צער אונ·
זערע עלטערן?זיי וועלן די שאנדע און קאטאסטראפע ניט
איבערלעבן. מיר זיינען דאך קינדער פון צוויי באזונ-
דערע פעלקער,גלויבנס און קולטורן"-האט קאטיושא ארגו
מענטירט.

"ערונדא, אבסורד, נארישקייטן,פאנאטישע אבער -
גלויבן און פאראורטיילן.אגב,ווער רעכנט זיך דען מיט
אלטווארג.זייער וועלט איז דאך שוין אן אפגעלעבטע.די
צוקונפט געהערט צו אונז.ווער דארף זיי פרעגן און נע
מען ערלויבעניש?זיינען מיר דען ניט דערוואקסן גענוג
צו קענען אליין באשטימען אונזער שיקזאל? מיר דארפן
זיי שטעלן פאר א געשעענעם פאקט. מיר קענען ניט מקריב
זיין אידעאלן און קאריערעס צוליב סענטימענטן אדער
פארצייטיקע, אויסגעשפילטע און ווערטלאזע דאגמעס" -
האט זיך מאטוועי איינגעשפארט.

"איך קען זיך ניט אנטשליסן.דאס מיינט דאך איבער
צורייסן אויף אייביק מיט מיין היים, מיין פאלק,מיין
טראדיציע, מיין טאטע-מאמע,מיינע חברים,מיין שטעטל"-
האט זיך קאטיושא פרובירט קעגנשטעלן.מען דארף דאך
האבן דאס הארץ פון א גזלן אזוינס צו טאן".

״אלזא,איך וויל ביט שפּילן אין עמאציעס.אויב די היים דיינע איז דיר טייערער פון מיר,דאן פארלירסט דו מיך אויף אייביק,געדענק דאס, קאטיושא!״-האט מאטוועי געדראט-איין מאל פאר אלע מאל,מאך דעם אויסוואל:אדער איך, און מיט מיר,א נייע,ליכטיקע,פריילאכע וועלט, א גלייכע און פרייע, אדער-דיין פארשמאדערטע טאטע-מאמע און דיין איינגעהויקערט פאלק,דיין פארשימלטע טראדי-ציע״.

קאטיושא האט ביט געקענט ביישטיין דעם נסיון און זי האט באשלאסן אנטלויפן צוזאמען מיט מאטוועייען.

״ווען זאלן מיר דאס טאן,כדי פארשפארן היסטעריע און סקאנדאלן״-האט מאטוועי געפרעגט.

״ראש-השנה איז די בעסטע צייט״- איז קאטיושאן איינגעפאלן א פוקסן-שפּיצל-״טאטע-מאמע זיינען דאך אין שול. וועל איך זיך מאכן קראנק און פארבלייבן אין הויז און ביט גיין הערן שופר.ווען מיינע עלטערן וועלן זיין אוועק פון שטוב און אויך די שכנים וועלן זיין אין שול, וועלן מיר זיך ארויסשמוגלען פון שטעטל״.

״גאָבריאל, בראוואָ, ביס!״- האט מאטוועי צוגעשמיי-כעלט קאטיושאן, ״פּארט אן אידישע קאפּ,א שארפער מח!איצט רעדסטו צו דער זאך.ווערסט זען, מיר וועלן זיין צוזאמען זייער גליקלאך״.

זיי האבן זיך געגעבן א קאמוניסטישן ערן-ווארט צו האלטן דעם פּלאן בסוד.מאטוועי האט צוגעזאגט צו פארשאפן א פויעריש פורל,וועלכע וועט זיי אפּווארטן און אוועק-פירן צום וואקזאל.

אזוי האט דער טייוול, דער שטן, זיך ארייגעמישט,פאר-
פלאנטערט זיין ביטערע אוואנטורע און טראגישע שפיל מיט
קינדער פון צוויי פרעמדע פעלקער, ראסעס און גלויבנס,
דרייענדיק זיי אין א קאראהאָד פון א שדים-טאנץ צו שאב-
דע און אומגליק פון זייערע פאמיליעס און צו אייגע-
נעם שפעטערדיקן אפגרונט.

און דער טייוול האט מעפיסטאפעליש געלאכט...

## קאפיטל 10

## דער פינסטערער ראש השנה

עס האט זיך געשטעלט א הארבסטיקער, רעגנדיקער אלול.
א ברוגזיער, טריבער הימל איז געהאנגען איבער דעם שטעטל.
וואלקנס האבן זיך געכמורעט און אין דער לופט האט אנגע-
פילט די פארכטיקייט פון דעם אנקומענדיקן יום הדין.
וואס נאנטער עס איז געווארן צו ראש השנה, אלץ בלאסער
און אומעטיקער איז געווארן קריינדעלע'ס פנים. זי פלעגט
אפט ארייבפאלן אין א מעלאנכאליע און נערוועזן ציטער, זי
פלעגט וויינען שלאפן ביינאכט און אין איר באנעמונג
האט זיך געמערקט א צעטומלטע פארלעגנהייט.
טאטע-מאמע האבן עס געזען און גענומען באטראכטן ווע-
גן די סיבה. קריינדעלע האט מאסקירט די אמתיע סיבה און

זיך באקלאגט אויף"מיגרען";אגב, האט זי דערמיט גע-
וואלט צוגרייטן א תירוץ צו קענען בלייבן ראש-השנה
אליין אין הויז און מאכן לייכטער די אנטרינונג,דעם
ריזיקאלישן פלאן,וועלכן זי האט געהאלטן בסוד-סוזות.

עס זענען אנגעקומען די סליחת-טעג.ר׳יוסף פלעגט
באגינען אויסגיסן ביים "מנין" זיין הארץ פארן בורא-
עולם און פארגיסן טרערן,ווי ער האט פארגעפילט,אז עט-
וואס גרויזאמעס וועט פארקומען אין זיין הויז.אויך די
מאמע האט אויסגעקלאגט "ציונ׳ס קלאג",ווי זי וואלט
דערוואַרט עפעס גרוילהאפטעס.

און, אט האבן זיך דערנענטערט די פארכטיקע ראש-
השנה-טעג.דער יום הדין האט זיך אראפגעלאזט איבערן שטע
טיל, א טונקעלער, טריבער און ברוגזיער,מיט א שלאקס-
רעגן,דונערן און בליצן.דער ווילדער ווינט האט געריסן
די דעכער. הימל און ערד האבן געשטורעמט.עס איז געווען
אזוי אומהיימליך,ווי עפעס די נאטור גופא וואלט פארויס
געזאגט א גרויס אומגליק.
פון די הויפן און גאסן האבן זיך שאטנס געצויגן
אין שול אריין.זיי האבן זיך געשלעפט שווייגנדיק,פארכט
מעסיק און צוריקגעהאלטן,ווי זיי וואלטן ניט געוואלט
אויפרייסן די אויגן פון דער הפקר׳דיקער אידישער יוגנט
און זייערע ניט-אידישע חברים. אידן זיינען געגאנגען
אויסצוגיסן די הערצער פארן באשעפער און אויסבעטן א גוט
יאר.

א מרה-שחורה איז אלעמען באפאלן,ווען מען האט זיך
דערמאנט די אמאליקע ראש השנה׳ס.א פיש אין וואסער האט
געציטערט, און היינט - א גאטלאזע לאנד און אויך אייג
נע אפיקורסים

ר׳יוסף האט,ווי געוויינליך, אויך דאס יאר געדאוונט



אידן, ראש-השנה, אין שול

פארן עמוד, אלס דער שטענדיקער שליח-צבור, אבער מערק-ווירדיק. דאס מאל איז זיין שטימע געווען אזוי געבראכען, ווי דער וידוי פון א זינדיקער נשמה. זיין קול, א פארצאפלטער, האט זיך אפט פארכליפעט, אז עס האט אפילו געקענט רירן א שטיין. זינט דאס שטעטל געדענקט דעם חזן-שוחט, האט ער נאך קיינמאל ניט געדאוונט מיט אזא צעריסן הארץ, ווי דאס יאר.

אין דער ווייבערשער שול האט אויך די שוחטיקע א ים טרערן פארגאסן. דאס מאל איז קריינדעלע ניט געגאנגען הערן שופר. זי האט זיך באקלאגט אויף קאפ-ווייטאג און טאטע-מאמע האבן געבעטן גאט, אז זייער בת-יחידה זאל, צום אלעם ערשטן, געזונט ווערן, און-צווייטנס, אז זי זאל ווארפן אן אומ-חן אויפן שייגעץ און פארבלייבן צו זיי א געטרייע טאכטער, ווי געו-ען.

דער שופר האט געריסן שטיקער, גערופן, געמאנט, געוועקט, און די "תרועה-שברים"-טענער האבן עפעס דאס יאר געקלונגען אנגסטליכער, ווי הערצער וואלטן טריפן מיט אפענע, בלוטיקנדע וואונדן.

"מִי בְקִצוֹ וּמִי לֹא בְקִצוֹ"-האט זיך דער חזן צעוויינט אויפן קול. דער עולם, געהילט אין טליתים איבער די קעפ, האט מיטגעפיבערט מיטן ערנסט פון "ונתנה תוקף", די דראמע און דער צעטל פון קאטאסטראפעס. די עדה אידן האט געצאפלט, ווי א ים פון שוימיקע כוואליעס. מען האט געפילט, אז עס באהערשט אלעמען די שרעק, די אימה ויראה פון יום הדין. מען האט געציטערט פארן אורטייל פון הימלישן טריבונאל. ר׳ יוספיס יאמער איז אבער אריבערגעשטיגן אלעמען, ווי זיין הארץ וואלט אים עפעס פארויסגעזאגט. עס איז געווען דער פארגעפיל פון אומגליק.

אין דער זעלבער צייט האט זיך א יונג פארל געשלייכט ביי די פארקאנעס פון שטעטל,געשמיסן פון רעגן און ווינט, און זיך געצויגן, דורך הינטערגעסלאך,צו דער פויערישער פורל,וועלכע האט זיי אפגעווארט,כדי צו פירן צום באן אויפן וועג צו דער גרויסער אל-רוסי-שער,רוישיקער - מאסקווע.

## קאפיטל 11

## דער שרעקליכער באשייד

ווען ר' יוסף און זיין פרוי זיינען געקומען אהיים, האבן זיי דערזעען א חורבן אין הויז.די אלמערס און שופלאדן זיינען געווען צעעפנט; די קליידונג און די וועש- צעווארפן. אויף דער פאדלאגע האבן זיך געפלאנ-טערט שיך און אנדערע הויז-ארטיקלען.מען האט זייער לייכט געקענט דערקענען,אז עפעס איז דא פארגעקומען, אין גרויס איילעניש.פון אנהויב האבן זיי פארדעכטיקט אז מען האט זיי באגנבעט,אבער ווען זיי האבן בא-מערקט,אז קריינדעלע פעלט,האבן זיי דערפילט דעם גאר גרויסן בראך.

דערווייל האט זיך פארשפרייט א קלאנג אין שטעטל, אז אויך דער שייגעץ, מאטוועי, איז פארשוואונדן.די ידיעה איז דערגאנגען צו ר'ינוספין.געוויסע שכנים הא-בען אפילו געזאגט,אז זיי האבען באמערקט צוויי סילו-עטן ביי די פארקאנעס,אבער זיי איז ניט איינגעפאלן, ווער דאס זיינען. דער שלאקס-רעגן האט ניט דערלויבט צו דערקענען די פנימער.

דאס איז ,אבער, שוין געווען א גענוגענדער סימן. דער פארדאכט און די קלאנגען האבן געשטימט גענוי.

דער שוחט און די שוחטיקע האבן זיך אנגעשטויסן אויף

דעם ביטערן אומגליק און פארשטאנען דעם שרעקליכן  באַ-
שייד. זייער טאכטער און דער שייגעץ זיינען ביידע, אום
ראש השנה, אנטלאפן פון הויז, אפגעטאן טאטע-מאמע א שפיצל.
זיי האבן אויך באנומען פארוואס קריינדעלע האט זיך, פון
דער העלער הויט, באקלאגט אויף קאפ-ווייטאג, און ניט גע
גאנגען הערן שופר, נאר פארבליבן אין שטוב.

אין ר׳ יוספ׳ס טונקעלן מח איז דורכגעשוואומען דאס
בילד פון זיין פארגרייזט לעבן. ער האט זיך פארנארט
אין זיינע חשבונות מיט קריינדעלען, אוועקגענומען זי
פון אן אידישער סביבה און אריינגעגעבן צווישן גויים;
איצט צאלט ער דאס ביטערע "רבי-געלט".

די שוחט׳יקע איז אריינגעפאלן אין א היסטערישן
ספאזם, געבראכן די הענט, געריסן זיך די האר פון קאפ,
געחלשט און מען האט זי קוים דערמינטערט. זי   האט
זיך פארשאלטן דעם טאג פון איר געבוירן.

"ווי׳ צו דער מאמען, וואס זי האט דערלעבט; הלוואי
וואלט זי אין מיין בויך, נאך אלס עופה׳לע אויסגערונען.
גאט! נעם מיך אוועק פון דער וועלט; איך וועל די שאנ-
דע און דעם אומגליק ניט איבערלעבן!"-האט די אום -
גליקלאכע מאמע געשריגן.

ר׳ יוסף האט שוין  לאנג געליטן פון א הניכן בלוט
דרוק און האט זיך ניט געטארט אויפרעגן. דער שארפער
קלאפ, די גרויסע שאנדע, דאס ארומזוכעניש איבערן גאנ-
צען שטעטל, דער פארדרוס, ווייטאג און געוויסנס-ביסן,
האבן אים צעבראכן. ער האט זיך אליין געפייניקט, געשא-
טן זאלץ אויף זיין פארוואונדעטע הארץ, געררייצט די איי
טערנדיקע מכה. די חרטה, וואס  האט אים געמאטערט, -

בײַם באַוואַוסטזײַן פֿון זײַן אײגענער שולד, האָט ר׳ יוספֿ׳ן פֿאַרצערט. עס איז געווען דאָס ערגסטע, פֿאַר וואָס ער האָט זיך געשראָקן; ער איז פּלוצלינג פּאַראַליזירט געוואָרן, מיט אָפּגענומענע הענט, פֿיס און לשון.

״אויף מיר איז אויסגעגאָסן געוואָרן אַ ווײסטער צאָרן און עס איז פֿאַרווירקליכט געוואָרן די קללה פֿון דער תוכחה: בָּנֶיךָ וּבְנוֹתֶיךָ נְתֻנִים לְעַם אַחֵר וְעֵינֶיךָ רֹאוֹת וְכָלוֹת״-מײַן בת-יחידה איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דער נעץ פֿון אַ פֿרעמד פֿאָלק און איך גײ-אויס פֿון צער און קען זי ניט ראַטעווען. גאָט איז אַ ״פּוֹקֵד עֲוֹן אָבוֹת עַל בָּנִים״ ער מאָנט-אויף פֿון די קינדער זײערע עלטערנס זינד״- האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט.

יום-כּיפּור האָט שוין אַן אַנדער שליח-צבור פֿאַרטראָטן ר׳ יוספֿ׳ן בײַם עמוד. אין שוחט׳ס הויז איז מען געזעסן ״שבעה״ נאָך אַ פֿאַרלאָרענער בת-יחידה. אַ ליכט האָט געברענט פֿאַר איר פֿאַרוואָגלטער נשמה, וועלכע איז אַרײַנגעפֿאַלן אין דעם טײַוול׳ס אָרעמס. מען האָט פֿאַרהאַנגען די שפּיגל, בײַ וועלכן זי האָט זיך געחנבֿ׳עט, און אַלע בילדער אין הויז. פֿון יעדן ווינקל האָט געאָטעמט אבֿלות.

אין צווײטן עק שטעטל האָט אויך געטרויערט אַן אַנדער פֿאַמיליע. דאָס זעבן געווען מאַטוועי׳ס עלטערן. זײ האָבן אַרומגעזוכט זײער פֿאַרשוואונדענעם זון און ניט געקענט געפֿינען. זײ האָבן אָנגעשטעלט אָגענטן, אָבער אָן דערפֿאָלג. קײנער האָט ניט געוואוסט, וואו דער שײגעץ איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. די קריסטליכע טאַטע-מאַמע זײַנען פֿאַרבליבן עלנט, פֿאַרקלעמט און פֿאַרשעמט.

אזוי האט דער וואנזיניקער שריט פון צוויי קינדער, זון און טאכטער פון צוויי באזונדערע פעלקער און ראַ-סען, אראפגעבראכט א חורבן אויף צוויי היימען, גראבנ-דיק מיט אומברחמנות'דיקע רידלען די קברים פאר אייגע-נע טאטע-מאמע.

## קאפיטל 12
## וידוי און צוואה

יוסף האט אנגעהויבן צו צאנקען. זיין בלאסער פנים און ווייטאגיקער גוף זיינען פארצערט געווארן פון דער שווערע קראנקהייט, ער האט געמוזט אויפגעבן די ארבעט. פון טאג צו טאג איז ער געווארן שוואכער און שוואכער און זיין סוף האט זיך שנעל דערנענטערט. ער האט ניט גע-קענט פארטראגן די חרטה אויף זיין טעות, וועלכע האט אים ממש אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט. ער האט די אויגן ניט געקענט אויפהויבן פון אנטוישונג און פון בושה.

ווען שכנים זיינען געקומען אים באזוכן און ער האט געפילט, אז ער קען זיך פאר זיי פארטרויען, פלעגט ער זיך אראפריידן פון הארצן:

"א פוסטע וועלט מיינע; אלץ צערונען; א טייך האט זיך אויסגעלאזט פון אלץ און אלעם; קיין קינד; קיין - ריבד, און - גראד אויף דער עלטער, און באך מיט אזוי פיל בזיון און חרפה"

"איר זייט ניט דער איינציקער" - האבן אים פרייַנט געטרייסט; עלטערן און קינדער זיינען דאך היינט גאר באזונדערע צוויי וועלטן. מיר זיינען פון דער יוגנט א מרחק פון צעבדליקער דורות; אן אפגרונט "

"איך האב דאס אבער אליין גענומען, איך גופא" - האט

געיאמערט ר' יוסף — "יגעוועז אזוי פארזיכטיק, אוועקגעגנו-מען זי פון דער ריזיקאלישער אידישער סביבה; איז זי גאר אוועק צו די גויים. היינט, גיי, ווייס, זיי א נביא" האט ער זיך אליין געמוסר'ט און געשטראפט.

"אפשר וועט זי זיך דאך אפגעפינען?" — האבן שכנים געטרייסט.

"איך גלויב ניט; זי איז שוין צו-ווייט אוועק. אפי-לו דא, אין הויז, האט זי אונז געהאסט. מיר האבן צו איר געמיינט דער שטויב און שימל פון א פארגאנגענער וועלט.

"איך בין שולדיק און איך בין זיך מוֹדה ומתוודה איך האב געדארפט האנדלען אנדערש, האלטן זי נאנט צו אידישע חברים; דאן וואלט צום אומגליק ניט געקומען."

"אידן! נעמט אראפ פון מיר א לעבעדיקן מוסַר - הַשְׂכֵּל און פארווארנט עס בנוגע אייערע קינדער".

"זאל קיינער צו מיין הארץ ניט קומען, דאס הארץ פון אן עלנטער מאמען" - האט די שוחטקע געכליפעט.

"איך בין באגאנגען באך א פעלער" — האט ר' יוסף זיך געשלאגן "עַל חֵטְא". ניט גענוג, וואס איך האב ניט געגעבן מיין קינד מיין פונדאמענטאלע אידישע דער-ציונג און וואס זי ווייסט, האט זי געבאשט פון אונ-דער הויז מיט איר שארפן קאפ און זכרון; אפגעריסן זי פון אן אידישער סביבה, האב איך אין איר אויסגעלאשן דעם פונק פון "חיבת ציון" און געפריידיקט פונקט דאס פארקערטע."

"זייט וויסן, אידן, אז ארץ ישראל איז און וועט פארבלייבן אונזער היימלאנד. ווען אונזערע קינדער זיינען פארבלאנדזשעט, מוזן מיר זיי אומקערן צו גאט, צו טראדיציע, צו פאלק און לאנדו".

"זייט-זשע מילד, ניט מיט רוגזה!משה רבינו איז אויך געשטראפט געווארן מיט דעם פארבאט ארייננצוגיין אין ארץ ישראל,ווייל ער האט געשלאגן דעם שטיין,אנשטאט צו אים צו ריידן;אפילו א שטיין נעמט אויף פריינד-ליכע רייד"

"צו-וואס רייצן די וואונדן,אז מען קען גארניט אויפטאן"-האבן אים די שכנים בארואיקט.

"ניין, מען מוז מודה זיין דעם אמת און צוגעבן א טעות.ערשט דאן קען מען טאן די ריכטיקע תשובה און האפן אויף מְחִילָה,סְלִיחָה וְכַפָּרָה.אידן!לערנט פון מיין ביטערן פעלער און ברענגט-אויף אייערע קינדער אין טריהייט צו גאט,פאלק און לאנד. נאך א טובה פאר - לאנג איך:שע קט מיר א קדיש,מאכט אן אזכרה.פארדינט די גרויסע מצווה!איך האב ניט קיין זין,און מיין בת-יחידה איז אויך פון מיר אוועק.באמיט זיך צו געפינען זי און זאגט איר,אז דער טאטע האט פארן טויט מודה גע-ווען זיין טעות און איז איר מוחל;נאר בעט אויך ביי איר מחילה;זעט,אז זי זאל זיך אומקערן צום באשעפער, פאלק און לאנד!דאס איז מיין וידוי און צוואה.-"חָטָאתִי,עָוִיתִי, פָּשַׁעְתִּי"-גאט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט!"

ר' יוסף האט זיך פארקייכט;א טעמפער גרילץ האט זיך ארויסגעריסן פון זיין פארפייניקטן הארצן.ער האט אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעםביים שימער פון א קליין ליכטל,אין עלנט פון זיין פארשפילט לעבן און צעבראכע-נער היים.

כדי ניט ארויסרופן קיין טומל און ציען די אויפ-מערקזאמקייט פון דער געהיים-פאליציי אויף דער "טהרה" האט מען די לוויה דורכגעפירט באגי מען מיט קוים א

„מנין" אידן, צעשפרייט איבערן טראטואר, די שנחטקע, די אומגליקליכע אלמנה, האט אויסגעקלאגט איר יאמער פאר שטיקטערהייט אין דער פאטשיילע. מען האט געפירט דעם מאן און פאטער פון א צעבראכענער פאמיליע, דעם חזן-שוחט, צו זיין אייביקער רו אין געהיים, פארבארגן פון א "בייז אויג".

אין א פאר טעג ארום, אין א טריבן זונטיק, האבן די שטעטלדיקע קירכן-גלעקער אנגעזאגט דער קריסטליכער באפעלקערונג די טרויעריקע בשורה, אז אויך מאטוועי׳ס פאטער איז פון פארדרוס און שאנדע, צוליב זיין אנטרונענעם זון מיט א "זשידאוועקע", אוועקגעפאלן פון א הארץ-שלאג. פריינט און באקאנטע פון דער גוישער סביבה האבן אים אויך געפירט צום פלאץ, וואו עס ענדיקן זיך אלע וועגן און פארדרוסן, וואו אלע זיינען די זעלבע באשעפענישן; דארט, וואו עס הערשט ביט קיין אונטערשייד צווישן פאלק און גלויבן; דאס ארט, וואס עס בעמט-אויף אויסגעלעבטע מענטשן און וואו עס איז אייביק רואיק, שטיל און גלייך...

א פריש בערגל זאמד האט צוגעדעקט א פארליטענעם איד אויפן בית-הקברות, און - א פארשעמטן, אנטוישטן קריסט אויף די גוישע "מאגילקעס".

הינטערן שטעטל האט דער ווינט געוואָיעט און געברומט א קדיש, און - להבדיל - א "גאָספּאָדי פּאָמילוי"! - (גאט, דערבארעם זיך), אויף 2 באזונדערע בית-עלמינס.

קאפיטל 13

אין פאניק

קאטיושא און מאטוועי האבן זיך געשלייכט דורך די וועגן און שטעגן פון שטעטל צום וואקזאל, צו דער באן אין דער גרויסער שטאט. קריינדעלע-קאטיושא האט דורכ-

געפיבערט א צופנדיקע פאניק,שלייכנדיק זיך ביי די הויפן און פלויטן.זי האט געפילט, אז מיט יעדן הויז,אז מיט יעדן פארקאן,רייסט זיך-אפ נאך א פאדעם פון דעם גע-בענטשטן,גליקליכן געוועב,וואס הייסט:היים און משפחה.

״פארשוועכט ראש השנה,אבטלאפן פון הויז,פארבונדן א לעבנס-לאנגן גורל מיט א שייגעץ״-האט זי געפליסטערט , צו זיך אליין אין א חשבון-הנפש.אט דער דריי-עק פון זינד האט איר געעגבערט דעם מח,טראץ איר אויפגעקלערט קייט און פריידנקערישקייט,און געבאָגט דאס הארץ , ווי א שפין. הינטער איר האט זיך נאכגעשלעפט דער שאטן פון א פארלארענער היים,און פון פארנט- האט געגעפלט דאס גרויס רעטעניש פון איר פארבארגענעם שיקזאל.

עס זיינען פארשוואונדן די לעצטע אויסגעווייקטע דעכער פון שטעטל,אפגעשמיסענע פון שלאקס-רעגן,וועלכער האט זיך אראפגעלאזט איבערן שטעטל.

״מאטוועי, ביסטו זיכער,אז מיר טוען די ריכטיקע זאך?״-האט קריינדעלע פרובירט אים נעמען אויף פארהער.

״שוין ווידער דאס זעלבע,צווייפל,סקעפטיציזם?! געוויס בין איך זיכער. מיר מוזן האבן מוט; מיר ציען זיך צו א ליכטיקן מארגן.רעגן און שטורעם קענען ניט אפשטעלן דעם דראנג פון יונגע הערצער.וועסט זען,מיר וועלן זיין גליקליך אונטער דער קאמוניסטישער ארדע-נונג אין דעם געמיינזאמען וועג צו דער גרויסער גאָ-רער וועלט,באטרעטן דעם אוניווערזיטעט,שטודירן,זיך אָנשליסן אין דער אלגעמיינער פעלקער-פאמיליע פון גע-רעכטיקייט,ברידערליכקייט,פרייהייט און איינפי -

רירט פון איין גרויס געפיל, דעם אידעאל פון מענטשנליבע

זיי האבן באשטיגן די פורל, וועלכע האט זיי דארט געווארט און זיי זענען אויסגענעצטע אנגעקומען צו דער באן-סטאנציע. זיי האבן געקויפט בילעטן און זיינען א ריין אין באן, וועלכער האט זיך מיט א גרילצנדיקן פייף געריסן פון ארט און אוועקגעריסן צוויי קינדער פון באזונדערע פעלקער, ראסן און גלויבנס, פון זייער קליינעם שטעטל אין דער גרויסער, ברייטער, ווייטער וועלט.

"מאכט זיך באקוועם און האט אן אנגענעמע ריידעו! -" האט דער קאנדוקטאר אויסגערופן און צוגעוואונטשן די פאסאזשירן. "די לעצטע סטאנציע איז אונזער גרויסע שטאָלצע, שפרודלדיקע מעטראפאליע, דער פולס פון גרויס- רוסלאנד, אונזער אייגענע מ אָ ס ק ו ו ע.

קאפיטל 14

מאסקווע, דאס הארץ פון "מאמע-רוסלאנד".

עס האט זיך אראפגעלאזט א נאסער, הארבסטיקער פארנאכט, ווען דער שווער-סאָפּענדיקער באן האט געבראכט די צוויי פליטים, קאטיושא און מאטוועי, צום הויפט -וואָקזאל אין מאסקווע. דורך די טראפנס פון דריבנעם רעגן האבן זיך פאר זיי פילפארביק אויסגעשיילט די קאנטורען פון רוסלאנדיס מעטראפאליע, וועלכע די היגע איינוואוינער באטראכטן אלס דאס סאמע הארץ פון "מאטושקא ראסייא"

דער צענטראלער נעסט פון רויטן פראלעטאריאט האט זיך פאר זיי אויסגעשטרעקט אין א זשעסט פון גרויסמוטיקער

חברישקייט"טאוואַרישטשעסטווא".

פאר מאטוועי און קאטיושא, די צוויי פראווינציאלן, איז די פאנאראמע און דער אטעם פון דער גרויסער שטאט געווען אן אימפאזאנטע אנטפלעקונג און איבערלעבעניש. זיי האבן אזוינס ביז איצט קיינמאל ניט געזען.

שימערירנדיק אין די פארפלייצנדיקע "נעאָן" ליכט, האבן צו זיי געוואונקען די שילדן איבער"באָלשאָי טעא-טער", דער "פארנאס" פון דראמאטישער קונסט, די קינאמאטא-גראפן, די מוזעאומס, די ביבליאטעקן, די סקווערן און די פארקן, ווי אויך אנדערע אויג-פארכאפנדיקע מערק-ווירדיקייטן. אט דא, אין "באלשאי"שפילט מען די עכט-רוסישע פיעסן, מען טאנצט מאדערנעם באלעט. אין דער אָפערע הערט מען די בעסטע קינסטלער. אין לעניניס ביבליאטעק קען זיך דאס אויג ניט אנזעטיקן מיט די צענדליקער טאָמען ביכער; אין "פושקין"מוזעאום בא-קאנט מען זיך מיט די אנטיקן פון אלט-רוסלאנד און מיט דער פלאסטיש-געצייכנטער געשיכטע פון דער קאמו-ניסטישער רעוואלוציע; אין "גאָרקי"-פארק זעט מען יונג און אלט שפאצירן און געניסן פון פרישער לופט.

אלט און ניי-מאָסקווע זיינען צוויי וועלטן - אונטער איין דאך. דער "זקן"מיט די קאפולן און די גלעקער, דעם"צאַר קאָלאָקאָל", גרעסטן גלאק אויף דעם ערד קוגל, האט אפגעטראָטן דעם וועג פארן יונגן"קאמסאמאלעץ" מיט דעם"רויטן שטערן", ווי אן אפגעריבענער מעדאל - פאר א פרישן טראפעי פון נצחון, און ער אליין רוט אויף א שטויס פון ערינערונגען. איבערביידן, דאס

אמאליקע און דאס היינטיקע, הערשט דער "קרעמלי", די פאר-
צייטיקע דריי-עקיגע פעסטונג קעגן די מאנגאליש-טאטאריש-
שע אנפאלן, די היים פון די אמאליקע אלמעכטיקע"צאַרן "
און היינט די רעזידענץ פון רויטן רעזשים. עס שווינבלט
און גריבלט מיט יונג לעבן אויפן"רויטן סקווער", אט די
ארענע פון דער רעוואלוציע. עס דערהויבט זיך לעניניס
סטאטוע, עס קוקט אראפ מיט שטאלץ קארל מארקסי בראנזע-
נער קאפ, באזוימט מיט א געדיכטער טשופרינע; עס פילט
זיך די מעכטיקע האנט פון פראלעטאריאט.

מאסקווע האט הינטער זיך א רייכע דראמאטישע גע-
שיכטע.וועלט-הערשער ,ווי דער מאנגאלישער כאן און -
נאפאלעאן באנאפארטע האבן אויף איר געשארפט די ציין
און זי געוואלט באזיצן. זי איז געווען די שיינדל,די
קרוין פון די„צאַרן״ און איצט איז זי דער דימענט פון
די רויטע הערשער.

מאסקווע האט אויך איר כראניק אין דער געשיכטע
פון אידיש פיין און ליידן,צרות און גזירות פון צאַר
פיאָדאָר אַלעקסעיעוויטש און זיין פארבאט פאר אידן צו
וואוינען אין שטאט. מען האט געמוזט זיין א גביר, א
סוחר פון ערשטן גראד "פערוואַי גילדי קופיעץ", אדער
א גרויס-אינדוסטריעלער צו באקומען וואוין -רעכט -
"פראַוואָזשיטעלסטוואָ",ווייל מאסקווע איז געווען אוי-
סער דעם תחום המושב"טשערטאַ אָסעדלאָסטי",דערלויבט -
פאר אידן.אזעלכע אידישע גליאנערן,ווי:בראדסקי ,
וויסאצקי, גינזבורג,פאליאקאף,זיינען עס געווען די
מיוחסים,ווען די מאכט האט ערלויבט צו זיין אין
שטאט, אבער ניט "עמך", דאס פאלק פון"שער און איידן".

אונטער דעם קאמוניסטישן רעזשים זיינען די באגרענעצונגען אפגעשאפט געווארן, אבער עס זיינען געקומען אנדערע צרות אויף אידן, איינשליסנדיק מאסקווע, ווי די טרויעריק- באַרימטע סטאליניסטישע "טשיִסטקעס", מאָרד פון אידישע דאקטוירים און שרייבער, די ספעקטאקל-פראצעסן קעגן אידישע אקטיוויסטן, וואס ווילן עמיגרירן אין ישראל א.א.וו. א נייע, מאדערנע ווערסיע פון רוסישן אנטיסעמיטיזם.

צווישן די מערקווירדיקייטן, וואס האבן פארכאפט דאס אויג פון די פראווינציעלע פארל, קאטיושא און מאטוועי, איז אויך געווען די מאסקווער אונטער-ערדישע"מעטרא "-באן. זיי האבן קיינמאל ניט געזען, אז מען זאל אראפ - אונטן און ארויף אויבן.

"זעסט,טייערען"- האט זיך מאטוועי אפגערופן צו קאטיושאן אין א פראפאגאנדיסטישן טאן -"אין רוסלאנד קומט ארויס דער פאלקסמענטש פון דעם"אונטערגרונט"אויף דעם "אויבערפלאך". דאס איז געווען דער וועג פון אונדזער רעוואלוציע,פון די טיפענישן ארויף,אזוי ווי די פאסאזשירן,וואס פארן מיט דער "מעטרא" און קומען פון שויס פון דער ערד אין דרויסן, פונקט אזוי זיינען מיר די בונטארן, געקומען פון די טיפענישן פון די פאלקס מאסן צו דער מאכט אין לאנד".

"עס קען דאך אבער אויך זיין דאס פארקערטע"- האט קאטיושא ארגומענטירט-"די נייע ארדענונג טרייבט אראפ די אָפּאָזיציע אין אונטערגרונט און דארט פערמענטירט זי ביז צום מאמענט,ווען זי קומט ארויף צו שטירצן דעם רעוואלוציאנערן רעזשים".

"דאס איז נאר פילאזאפיע, א היפאטעזע, וואס קען יא אדער ניט פאסירן. איך רייד וועגן א פאקט, וואס האט שוין פא־סירט אין אונזער צייט און דור. מיר, די "יונגע"זיינען ארויס פון דער "מעטרא" אין דרויסן, מיר האבן איבערגע־נומען און מיר שטייען ביי דער מאכט; מיר, דער פראלע־טאריאט, דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל - דו רעדסט דאך גאר ווי א קאנטער-רעוואלוציאנערין"-האט זיך שוין מאטוועי געברוגזט.

קאטיושא האט אראפגעשלונגען דאס שטאָך-ווארט, אבער עפעס האט איר א צופ געטאן ביים הארצן. זי האט פארשוויגן, אבער אין איר אונטער-באוואוסטזיין האט זיך שוין באצייטנס דערוועקט א פארדאכט אויף מאטוועי'ס אויפ - ריכטיקייט. זי האט זיך דערמאנט וועגן דעם אידיש- נאציאנאלן קאנספיראטיוון "אונטערגרונט" אין איר היימ - שטעטל. ווער ווייס, אפשר וועט אויך אט דער "אונטער-גרונט" ארויף אויבן, און דאַן, אָ, דאַן, ציטער, קרעמל! עפעס האט אין איר אויפגעוואכט א פונק פון נבואה, גע-טליעט א פלעמל, וואס האט אָנגעזאגט אן איבערברוך, אן אויפבלאָז פון א העלישן פלאם-פייער, ווען די גורל - שעה וועט שלאגן...

קאטיושא האט אין גאס געזען אידישע פנימער, או-מעטיקע, פארצאָגטע, באמערקט עלטערע אידן, מיט בערד און פיאות, ווי איר טאטע, און פרויען מיט קאפטיכלאך, ווי איר מאמע. זיי האבן געשוויגן, אבער אין אט דעם שטילשווייגן איז געלעגן באהאלטן "ניין מאָס רייד". אָ! ווען זיי קענען נארריידן, וואס עס פרעסט זיי אויף די הערצער. זיי פארשטייען זיך אבער אויף שטום-לשון

און קאטיושא האט זיי אויך פארשטאנען. עס האט איר אנגע-
הויבן צו נאָגן א בענקשאפט אהיים, צו טאטע-מאמע, פאלק
און גלויבן, כאטש זי האט זיך אליין געוואלט פארטומ -
לען, פארטויבן.

דאס הארץ פון אן אַנטרונען אידיש קינד אין א דורכ-
אויס — פרעמדער גויישער וועלט האט שוין אנגעהויבן
צו ווייטאגן.

## קאפיטל 15
## אויפן אוניווערזיטעט

מאסקווע, דאס נעסט פון רוסישער קולטור און קונסט,
איז אויך באוואוסט מיט אירע אוניווערזיטעטן. די שטאט
און דאס לאנד שטאלצירן מיט דעם "מ. וו. לאמאנאסאוו או-
ניווערזיטעט", וועלכער איז א מאדערנער "בבל" פון סטו-
דענטן פון איבעראל. עס עקזיסטירט אויך א ספעציעלע
הויכשולע פאר אזיאטיש-אפריקאנער פעלקער, באקאנט ווי
דער "פעטרישע לולומבא פעלקער פריינדשאפט אוניווער-
זיטעט" פאר אזיאטיש-אפריקאנער און לאטיין-אמעריקא-
נער סטודענטן.

מאטוועי און קאטיושא האבן באשלאסן זיך צו רעגי-
סטרירן אויף דעם לאמאנאסאוו-אוניווערזיטעט. כדי צו-
פיל זיך ניט ווארפן אין די אויגן און ארויסרופן
נייגער וועגן זייער אפשטאם און ווי זיי קומען דא
אהער, האבן זיי באשלאסן ניט צו וואוינען אין דעם
אינטערנאט ביים אוניווערזיטעט, נאר פריוואט, וואו
מען קען זיי ניט. אזוי האבן זיי טאקע געטאָן.

אט אזוי האט זיך אנגעהויבן דער צווייטער גלגול אין קא-
טיושאיס לעבן, דאס אנטרונען אידיש קינד אין א קריסטלע-
כער וועלט, אונטער א קריסטלעכן נאמען.

אין אוניווערזיטעט האט זיך קאטיושא אפגעגעבן מיטן
שטודיום פון אריענטאלישע שפראכן, צו וועלכע זי האט גע-
האט א גרויסע נייגונג. צוליב די פריינטלעכע באציונגען
צווישן סאוויעט-רוסלאנד מיט די אראבישע לענדער, ספעצי-
על מיט מצרים, סיריע און איראק, ווען מען "קריוודע" זי
האט זיך אנגענומען, אויס מיטלייד פארן "קאזאק הנגזל"
מצד די ישראלדיקע אגרעסארן, - איז אראביש אריין אין מא-
דע און אין געברויך. קאטיושא, וועלכע האט געהאט א שאר-
פן קאפ אויף די אקסלען און א גוטן זכרון, האט באלד טא
קע אויפגעכאפט אראביש, און איר קענטניש פון רוסישער
שפראך האט איר געגעבן די מעגלעכקייט צו ב-הערשן ביי-
דע שפראכן. זי האט געקענט פריי איבערזעצן פון רוסיש
אין אראביש און - פארקערט.

מאטוועי האט אויפגענומען אוויאציע. ער האט גע -
האט א נייגונג צו פליען אין דער לופט, און עס איז
אויך געווען א גאנגבארער ארטיקל, וועלכן רוסלאנד האט
באדארפט. דערביי האט ער זיך ספעציאליזירט אין דער
טעכנישער וויסנשאפט פון בוי און אפעראציע פון עראפ-
לאנען.

די אטמאספער אויפן אוניווערזיטעט האט געהאט א
ווירקונג אויף מאטוועיען, אז ער זאל בייטן זיין שטע-
לונג צו אידן. ער האט זיך אנגעהויבן חברין מיט פרא-
אראבישע סטודענטן, וועלכע האבן סימפאטיזירט מיט די
כלומרשט- באיעוולה'טע אראבישע פעלקער. דער פארבאנד,



מאטורעי פריידיקט קאמוניזם




„ציוניזם אין אַקציע"

אַנטי־ישראל קאַרטון וואָס איז דערשינען אין סאָוועטישען פּראָפּאַ־
גאַנדע־וואָכענבלאַט „נאָוואָיע ווּרעמיאַ" („נייע צייט")

צו וועלכן מאטוועי האט זיך אנגעשלאסן, האט געהייסן "סאָ-

יוז סאוויעטסקיך סטודענטאָוו דליאַ אראבסקאווא דעלאי" דאס מיינט, די ארגאניזאציע פון סאוויעטישע סטודענטן פאר די אראבישע אינטערעסן. ער האט אין זיך איינגעזאפט די אראבישע פראפאגאנדע און דערמיט שוין אויך די גיפט פון אנטיסעמיטיזם צו אידן. זיינע באציונגען צו קאטיושאן זיינען געווארן אנטאגאניסטיש פארשארפט. ער האט אין איר דערזען א טאכטער פון דעם פאלק פון עקספלאאטאטארן און אגרעסארן, וועלכע אקופירן פרעמדע טעריטאריעס, פארטרייבן זייערע איינגעזעסענע אראבישע אייגנטימער פון זייערע היימען, צווינגען ארויף זייער רעזשים אויף די פארבליבענע אראבער און שאפן א "גרויס ישראל" אויפן חשבון פון אראבישע אויסגעווארצלטע, היימלאזע קרבנות. ער האט פארדאמט דעם אפעטיט פון דער שאוויניסטישער ישראלדיקער מדינה, וועלכע וויל איינשלינגען אלץ און אלעמען ארום זיך.

דערצו האט ער זיך אויך גענומען צום "ביטערן טראפן" און פלעגט אפט קומען פון די גיפט-העצערישע זיצונגען פון "פארבאנד" א שכור'ער און אן אנגעברוגזיטער. עס האבן זיך צווישן דעם יונגן פאָרל אנגעהויבן א שארף ווערטער-אויסטויש, באגלייט אפט מיט מאטוועי'ס באליידיקנדע זידלערייען. מאטוועי האט אנגעהויבן צו נוצן א געמיינע שפראך צו קאטיושאן.

די פארהעלטענישן צווישן מאטוועי און קאטיושאן זיינען געווארן אלץ מער און מער פיינטלעך, ביז עס איז געקומען צו א סקאנדאליעזן צוזאמענשטויס. דער תהום צווישן די קינדער פון צוויי באזונדערע פעל -

קער און ראסן, וועלכער איז שוין באלד געשאפן געווארן דורך דער ביטערער איראניע פון זייער פאטאלער פארבונד, א טאכטער פון א פרום אידיש הויז מיט א קאמוניסטישן שײ געץ, - איז איצט געווארן נאך מער פארטיפט דורך אינטער נאציאנאלע געשעענישן אויף דער ארענע פון דער גרויסער קעמפעריש- געשטימטער וועלט.

## קאפיטל 16

## אבדול אכמעד- דער"ארא ביש ער קוזין"

אין דער זעלבער צייט, ווען מאטוועי און קאטיושא האבן שטודירט אויף דעם "לאמאנאסאוו-אוניווערזיטעט", האט אין דעם"פעטרישע לולומבא פעלקער פריינטשאפט אוניווערזיטעט" אויך געלערנט אן אראבישער סטודענט פון איראק, וועלכער האט געהייסן:אבדול אכמעד. צו אונטערשטרייכן זיין אראבישע נאציאנאליטעט און שטאלץ מיט זיין פאלקס- קליידונג, האט ער שטענדיק געטראגן אן אראבישע"אבייע" און טורבאן, און זיך דערמיט אויסגעטיילט פון די אנדערע סטודענטן, וועלכע זיינען געווען אייראפעיש געקליידעט.

אבדול האט זיך באקאנט און באפריינדעט מיט קאטיושא און ער האט זיך אנגעשטויסן, אז זי איז אן יידיש קינד. ער פלעגט זי אפט קומען באזוכן און יעדן מאל באטאנען, אז ער איז איר לייבליכער קוזין.

"מיר זיינען דאך אזעלכע נאנטע קרובים, ממש איין משפחה"-פלעגט אבדול איינטענהן-"יצחק און ישמעאל זיינען דאך געווען ברידער אוןביידע זיינען געווען די זין פון פאטער איבראהים. אין נאמען פון "אללאה", מיר דארפן זיך האלטן נאנט".

אבדול האט געהערט צו די
מעסיקע אראבער.

"פארוואס שארפט איר אויף
אונז די מעסערס, אויב מיר זע-
נען פון דער זעלבער פאמיליע?
האט קאטיושא געפרעגט.

"מיר גופא, דאס אראביש פאלק,
ווילן שלום" — פלעגט אבדול ענט
פערן — "אבער אונזערע פירער, די
מופטיס, עפענדיס, פירשטן, קעניגן,
ווילן אייך אריינוואַרפן אין
ים, ווייל איר זייט צו-פעיק, צו
קולטורעל, א "קענסער" פאר דעם
פרימיטיוון מדבר. איר שטעכט
זיי, ווי א דארן".

אבדול האט געפילט א נאנט-
קייט צו קאטיושאן, נישט וויסנ-
דיק דעם מקור דערפון. אויך קא-
טיושא האט אים סימפאטיזירט.
אבער איר הארץ האט געהערט צו
מאטוועיען.

דעם אראבישן קאמף קעגן
מדינת ישראל האט אבדול בארעכ-
טיקט נאר דערמיט, אז די פאלעס-
טינעזער דארפן צוריק-באקומען
זייער ערד — זייערע פארלארענע
היימען. ער האט, אבער, געהאלטן
אז קא-עקזיסטענץ איז דורכ -
אויס מעגליך, ווי אויך, -



אבדול אכמעד,
דער איראקישער
סטודענט.
"מיר זענען קינדער
פון איין אורשטאם-פא
טער, איבראהים".

אז עס וועט אמאל יא דערגרייכט ווערן א שלום צווישן ארא-
בער און די אידן.

ניט געטראכט האט אבדול און ניט פארויסגעזען האט קא-
טיושא, אז דער קאפריז פון גורל וועט אמאל צוזאמענפירן

אלע דריי: מאטוועי און זיי ביידן, אין א פארמעסט צווישן
זיך, א סענסאציאנעלן דריי-עק פון פלאָנטער און אינטריגע,
וואס וועט זיך שלענגלען ווי א זיג-זאג אויף זייער לעבנס
וועג אין דער גרויסער אוואנטורע, וואס הייסט: לעבן, ליבע
און קאמף.

## קאפיטל 17

## "פראקלאטאיא זשידאווקא" (פארפלוכטע אידישקע)

שיכור ווי "לוט", קוים זיך האלטנדיק אויף די פיס,
איז אין א געווויסן אוונט מאטוועי געקומען צו קאטיושאן,
אן אנגעצויגענער, מיט רויט-פארלאפענע אויגן, און אנגע-
הויבן ריידן שלעכטס אויף אידן, ווי דער פארביסנסטער אנ-
טיסעמיט.

"וואס פאר א געמיין פאָלק זייט איר, אידן? ווייניק
איז אייך די וועלט? אייך גלוסט זיך אראביש לאנד, ארא-
ביש האב און גוטס; איר קומט אויף אלעם פארטיקן, איר
מאָרדעט, ראבירט, פארטרייבט רויקע מענטשן פון זייערע
היימען. היטלער איז געווען גערעכט, וואס ער האט זיך
צו אייך גענומען, אבער ניט גענוג, וואס ער האט געמאכט
דייטשלאנד "אידן-ריין" און אויסגערייניקט אייער פעסט
פון אנדערע אייראפעישע לענדער. ער האט זיין גוטע אר-
בעט ניט פארענדיקט, אבער מיר וועלן דאס יא טאן.

"וואס רעדסטו?"- איז קאטיושא געווארן איבעראשט-" ווי וואגסטו זיך אזוי אויסצודריקן וועגן מיין פאלק?"

"צי ווייסטו דען ניט וועגן דעם בליץ-קריג פון יוני 1967 אין מדינת ישראל. דיינע חברים, די אידעלאך, זענען באפאלן די אומשולדיקע אראבער און געמאכט פון זיי אַש און שטויב, פאראליזירט זייערע עראפלאנען, פארנומען אין געפאנגענשאפט זייערע ארמייען, פארטריבן די ציווילע באפעלקערונג און פארכאפט זייער לאנד און באדן? זיי האבען גענוצט טריפה'נע מיטלען, זיך איבערגעטאן אין אראבישע מונדירן, גערעדט אראביש, אויסגענוצט די נאיוויטעט פון פרימיטיוון פאלק און אקופירט זייערע שטעט און זייערע דערפער, אויסגעהרגעט פרידליכע מענער, פרויען קינדער, יונג און אלט. איר זייט א מערדער-פאלק; איר זייט אן אגרעסאר!".

"ווי האסטו די העזה צו באשולדיקן די העלדן פון מיין פאלק. זיי זיינען דאך געצוואונגען געווארן צו באשיצן זייערע לעבנס-זיי האבן געקעמפט אין זעלבסט-פארטיידיקונג, ארומגערינגלט פון מיליאנען אראבער, די שונאים, וועלכע ווילן זיי ארייננטרייבן אין ים און - פארניכטן מדינת ישראל. וואס האסט דו געוואלט, אז זיי זאלן זיך לאזן פירן צו דער שחיטה, ווי די הילפלאזע שאָף ביי היטלערן, אדער ווי די ישיבה-לייט פון חברוני ער ישיבה, וועלכע זיינען דורך די אראבער אומגעקומען ווי אויף אן עקידה? ניין, קיינמאל מער! אידיש לעבן, אידיש בלוט איז ניט הפקר"- האט זיך קאטיושא געקאָכט.

"נו, וועלן מיר שוין זען. אונזער סאוויעט-רוס - לאנד וועט זיך אננעמען פאר די פארפאלגטע אראבער ,

פאר אונזערע ברידער אין מיטל-מזרח.מיר וועלן נאך צוריק-
נעמען אונזערע טאנקן און אמוניציע, מיט וועלכע מיר הא-
בען ארויסגעהאלפן די בראווע אראבישע קעמפער און דעם
גאנצן וואפן-ארסענאל,וואס איז ארייגגעפאלן אין אידישע
הענט אין דער "זעקס-טאגיקער מלחמה".מיר וועלן העלפן
באפרייען דאס פארכאפט אראביש לאנד און זיי צוריקברענ-
גען אין זייערע פארלאזענע היימען. מיר ווען זיך שוין
אפרעכענעם מיטן בלוט-דורשטיקן אידישן אגרעסאר,די פאר-
שאלטענע "שיילאקס",וועלכע ווילן דעם"פונט פלייש" פון
פרעמדע פעלקער".

"מאטוועי, איך דערקען דיך ניט.האסט דאך צו מיר גע-
רעדט אזעלכע זיסע רייד וועגן פרייהייט,גלייכהייט,ברי-
דערליכקייט, איידער מיר האבן פארלאזן אונזער היים.אט
דאס לערנט מען אייך אויף אייער פאקולטעט; אזוי שפיידט
מען אייך מיט אידן-האס?"- האט קאטיושא געשריגן.

" יא, דא אויפן אוניווערזיטעט האט מען מיר וויר-
קליך די אויגן געעפנט וועגן אידן און וועגן זייערע
שווינדלערישע מאנעווערס.איך האב וועגן אייך גאר אזוי
פיל ניט געוואוסט.איך האב געטראכט,אז איר זייט גאר
א פאלק פון לעמעלאך; האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז
איר האט דעם פארצוקנדן אפעטיט פון א לייב און דערביי
די כיטרע שטיק פון א פוקס"-האט מאטוועי זיך געזידלט.

"הייסט דאס,אז אלץ וואס דו האסט מיר געזאגט,איז
נאר געווען א זייפנבלאז פון פוסטע פראזן,א פארפירע-
רישער מראזש, און איך, אין מיין נאיוויטעט,האב דיר
געגלויבט און געהאפט, געבויט שלעסער אין דער לופט,
געטרויט אין מענטשליכקייט, ערליכקייט,אנשטענדיקייט"

-האט זיך קאטיושא צעוויינט.

"יערונדא, אבסורד!ווער -אידעאלן?וואס- אידעאלן?ווי קענסטו זיין אזוי קינדיש? דערוואַרטעסט , אז מיר זאלן זיין סימפאטיש צו אידן? איר שטייט אונז,ווי א ביין אין האלז. מיר וועלן שוין אבער געפינען א ליידזונג,ווי אזוי אייך אויסצוניכטערן פון אייער גרויסקייט-מאניע.מיר וועלן די היגע אידן אויך פארצאמען דעם וועג צו מדינת ישראל און מיר וועלן אויך אויסראמען אייער "פינפטן קאלום" צווישן אונז.מעגסט זיך אויף אונז פארלאזן"-האט מאטוועי פאר-שייטערהייט שטאלצירט.

"בינסט שיכור, מאטוועי. דו דארפסט זיך „אויסניכ - טערן” און ניט מיר.ווי פאסט עס פאר א סטודענט,אן אינטע-לעקטואל, זיך אנצושיכורן און ריידן אזעלכע ווערטער? און אפשר איז גערעכט אונזער אידיש פאלקס-ווערטל:"וואס ביים ניכטערן אויפן לונג, איז ביים שיכורן אויפן צונג" - האט קאטיושא פארגעווארפן.

"עי, דו, זאג מיר ניט קיין מוסרו א נייע מאראליסטיק, עס עקלט צו הערן און אויפנעמען שטראף-רייד פון א שונא פון מיין פאלק,פון א געמיין אידיש קינד"-האט מאטוועי זיך צעיושעט און,אין זיין פוריע, א שפיי געטאן קאטיו-שאן אין פנים.

"נאַכאַל, מודשיק"- האט קאטיושא אויסגעבראכן אין א היסטערישן קול-"בינסט געווען א גראביאן,פארשטעלט אונ-טער א מאסקע, און וועסט פארבלייבן א גראביאן!".

מאטוועיס פנים האט זיך צעצונטערט מיט פלאם-פיי-ער.זיינע ציין האבן זיך צעקריצט און די אויגן האבן זיך

געשטופט דורך די לעכער.

קאטיושא האט זיך שוין לענגער ניט געקענט איינהאלטן. זי האט זיך דערפילט באליידיקט, צעוויי טאגט און טאקע אויס-געשפיגן. עס האט אין איר אויפגעברויזט דער אידישער שטאלץ און זי האט אראפגעלאזן מאטוועי׳יען א פאטש אין פנים.

מאטוועי האט זיך אויפגערייצט, ווי א טיגער.

״פראָקלאַטאַיאַ זשידאָווקאָ!״ (פארפלוכטע אידישקע) - האט ער זיך צערעוועט. ״פּאָשלאַ וואָן!״ - ארויס פון דאנען! איך וויל דיך מער ניט קענען!״ - און ער האט אומגעווארפן קא-טיושאן אויף דער ערד.

דער זידל-ווארט האט קאטיושאן מער וויי געטאן, ווי דער קלאפ. אירע חלומות האבן זיך צערונען און זי האט דערזען דעם ביטערן, נאקעטן אמת. אין אירע אויערן האט איצט געגרילצט דער אייביקער ״געוואלד״, דער דורות-ידי-קער וויי- געשריי פון איר פארפייניקט און געמרודפט אי-דיש פאלק. זי האט אין איר זכרון אויפגעפרישט די בילדער פון די ״סכאָדקעס״ מיט די היימישע בחורים, וועלכע האבן זיך געצויגן צו ציון. זי האט דא אויך געהערט וועגן די אקטיוויסטן אין מאסקווע און איבערן לאנד, וועלכע לעכצן עולה זיין אין מדינת ישראל.

און - זי?!

אנטרונען פון איין וועלט, אויסגעשפיגן פון דער אנ-דער וועלט, א פארפירט, אנטוישט עלנט אידיש קינד, אויס-געווארצלט פון היים, משפחה, פריינט, אפגעריסן פון איר פאלק, א הילפלאז שפענדל אויף די צעברויזטע כוואליעס פון אנטיסעמיטישן רוסלאנד.

זי, די קאמוניסטקע, האט פלוצלינג דערפילט א צופ

פון דעם טליענדיקן פונק, פון "דאס פינטעלע איד" אין איר פארוואונדעט הארץ, א בענקשאפט צו אידן, א גלוסטעניש צו גלויבן אין גאט.

נאך ליגנדיק אויף דער ערד, האט זי אויסגעשריען:

"פאַסקודניאַק, מערזאַוועץ, טרייבסט מיך פון מיין צי-מער, דו לומפ איינערו!".

"בינסט א"זשידאוועק ". קיין זאך איז ניט דיינס אין אונזער רוסלאנד, ארויס פאַרשיווקעו!"- האט זיך מאטוועי צע-שריען נאך ווילדער און זי א קאפע געטאן מיט זיין פוס.

קאטיושא האט זיך דערפילט, ווי א פארזינדיקט, קאפריז-נע קינד, פארראטן טאטע- מאמע, פאלק און גלויבן פאר דעם געמיינעם שייגעץ; וויי און ווינדו!

זי האט באשלאסן זיך איבערבעטן מיטן טאטן אין הימל, בעטן מחילה ביי אירע עלטערן אויף דער ערד, צוריק-קומען צו איר פאלק, העלפן קעמפן און בויען דאס היימלאנד.

יא, זי מוז פארריכטן איר ביטערן טעותו.

## קאפיטל 18

## דער יוני 1967 בליץ-קריג

ווען דער פלאנטער צווישן מאטוועי און קאטיושא האט דערגרייכט א טראגישן הויכפונקט, האבן זיך פאַנאַלעל אנט-וויקלט היסטארישע געשענישן אין א צווייטן עק-וועלט, אין מדינת ישראל. עס איז אויסגעבראכן דער בליץ-קריג פון 5 יוני 1967, וועלכער האט געהאט א דירעקטע ווירקונג אויף די באציונגען און דעם קריזיס צווישן מאטוועי און קאטיושא.

מיליאנען אראבער, באוואפנטע פון קאפ ביז די פיס, האבן געלוירט ביי די גרענעצן פון דער מדינה. דער אויסגוס פון



געוועזענער 3-טער נשיא פון ישראל, ש.ז. שזר ע"ה, ז"ל,
קושט די שטיינער פון אויסגעלייזטן "כותל המערבי" נאכן
יוני 1967 בליץ-קריג.



הרב שלמה גארען שליטייא.געוועזענער הויפט-רב פון צהייל,
איצט דער רב הראשי לישראל.בלאזט שופר ביים באפרייען
אלט-ירושלים און דעםייכותל המערבייאין יוני 1967.

טיראן איז געווען געמינעוועט.אראבישע עראפלאנען זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די לופט-פעלדער אין קאמפס- פאַזיציע,גרייט אראפצולאזן א מבול פון פלאם-פייער אויפן אידישן היימלאנד און ישוב און אריינטרייבן די ישראלים אין ים. די מיליטערישע וואָך פון די פאראייניקטע פעל-קער איז אויפן פארלאנג פון דער מצרישער רעגירונג צוריק-גערופן געווארן און אידן זיינען געבליבן שטיין מיט די אראבער פנים אל פנים אָן קיין מחיצה אינצווישן.דאס איז געווען אן אויסנאמס-לאגע פון געפערלעכער ריזיקע. דער גורל פון דעם "עם שרידי חרב",פון דעם איבערבלייב פון חורבן, דערין א גרויסער טייל פון שארית הפליטה,אט די לעבנ-געבליבענע "האָלאָוועשקעס", די פייער-בראנדן,געראַטעוועט פון דער וועלט-שריפה און די נאצישע קאלכאוי-ווענס, די נסים-אידן,און- דער שיקזאל פון א לאנד, געבויט אין שווייס און בלוט פון זיינע בעסטע זין,-איז געהאנגען אויף דער וואָגשאל.

מען האט געווארט מיט הארץ-קלאפעניש; א טאג-אן איי-ביקייט.עס האבן זיך געצויגן ערנסטע שעהן און אנגע - שטרענגט די נערוון ביז צום העכסטן גראַד פון שפאנונג. עס איז געווען א פולווער-פאס, גרייט יעדע מינוט צו עקס-פלאדירן. די פראגע,וועלכע הענגט אויף אלעמענס ליפן,איז נאר:ווער- דער ערשטער,ווער פון די צוויי פיינטלעכע פעל-קער וועט מאכן דעם אנהויב, דעם דעצידירנדיקן מאנעוור?.

גאנץ ישראל איז געווען מאבילידירט."גאנץ ישראל איז א שלאכטפעלד און דאס פאלק-אן ארמיי; מיר דארפן זיין צו געגרייט אויף יעדן סורפריז, אויף יעדע עווענטואליטעט"-האט דערקלערט דער דאמאלסטיקער ישראל-פרעמיער,לוי אשכול.

און דער באשלוס איז געווען: ישראל וועט מאכן דעם ערשטן שריט, שפּילן די ערשטע קאָרט; ניטא קיין אנדערע ברירה.

כאטש עס זענען שוין פאריבער מער ווי צען יאר פון יענעם היסטארישן ראַפּסאָד און פון דער ריטערלעכער פאלקס-עפּאפּייע, געשריבן מיט מארך און בלוט פון אונזערע בעס-טען זין, דאָך געדענקט זיך עס, דאָך איז עס פריש פאר די אויגן, ווי עס וואלט איצט פאסירט, און מען קען דאס דערציילן אין דער שפּראך פון דער געגנווארט.

באגינען. ישראל איז גרייט פאר דעם ערשטן אויסגע-קליגלטן מאנעוור: צו פאראליזירן די אראבישע לופט-פעל-דער און זייער לופט-פלאט באלד אויפן באָדן דורך באמ-בארדירן די עראפּלאנען. פּלוצלינג ... געוואגטע ישראל פּילאטן נעמען אן אומגעווייגליכן וועג איבערן ים, פּלי-ען נידעריק אונטער דעם פיינטליכן ראדאר, כדי באצייט-נס ניט באמערקט צו ווערן, און- זיי מאכן א בליץ-אינ-וואזיע אויף אלע אראבישע לופט-פעלדער. טויזנטער טאָ-נען באמבעס און אויפרייס-שטאף צעשמעטערן די אראבישע עראפּלאנען גלייכצייטיק, צעשמעטערן זיי אין די ארא-בישע עראדראמען אויף ברוכווארג, און אט די לופט-פעל-דער ווערן פארוואנדלט אין א בית-הקברות, א מיסטקאסטן פון אייזן און שטאָל, סיי אין מצרים, סיי אין סיריע, סיי אין ירדן. אראבערן זיינען צעמישט און לויפן אומ-באהאלפן אין פּאניק. ישראל האט זיי אפּגעטאן א שפּיצל.

גלייכצייטיק אטאקירט די ישראלדיקע ארטילעריע, טאנקן, קאנאנען, רינגלען ארום די אראבישע ארמייען און פארכאפּן זיי אין א פאסטקע-עס הויבט זיך-אָן א

סעריע פון בליץ-זיגן. די ישראל-ארמיי אין דער לופט ,

אויפן ים, אויף דער יבשה, מארשירט פארויס און די ארא-
בער אנטלויפן אין כאאטישער אומארדענונג.צה"ל פארנעמט
פאזיציע נאך פאזיציע, שטאט נאך שטאט און באווייזט אן
אומפארגלייכליכע מאס פון מיליטערישן טאלאנט, העלדנ-
טום און מסירת-נפש אויף די זאמדן פון מדבר,אין סיני,
ביי סועץ,רמת הגולן, אין יהודה און שומרון.

ליכטיקע נייעס עלעקטריזירן דעם ישוב.ברוך השם ,
א נצחון אומעטום.רמת הגולן,די מערב-גדה,יריחו, האלב-
אינזל סיני א.א.וו. זיינען אין אונזערע הענט. איבער
אלץ און אלעמען "אלט-ירושלים" און דער "כותל המערבי"
אויסגעלייזט פון די ישמעאלים, צוריק אין יידישע הענט
נאך 19 יאר גלות אין ירדנישער געפאנגענשאפט.ווידער
קומען יידן פון דער גארער וועלט מתפלל זיין ביי דער
באפרייטער "הייליקער וואנט" פון יידישע טרערן,קדושה
און בטחון.

"מזל טוב ושהחיינו ועם ישראל חי!". יידן האלזן זיך
און קושן אין די גאסן. דערלעבט א ישועה ודי וועלט -
פארגאפט אין שטוינונג.פרעסע,ראדיא,טעלעוויזיע ברענגען
נייעס פון דעם גרויסן נס פון יוני 1967.

די באזיגטע אראבער פילן זיך דערשלאגן און ווערן
נאך פיינטליכער,ווי ביז איצט.זיי פארגינען ניט אידן
דעם נצחון און איבערהויפט-די פארנומענע שטחים. זיי
באטראכטן עס אלס אטענטאט אויף דעם געפיל פון זייער
נאציאנאלער ווירדע און קענען ניט שלום מאכן מיטן גע-
דאנק פון א ניי,גרויס ישראל אויף א גרויסן חלק פון
ישמעאלס לאנד און באדן.

## קאפיטל 19

## סאוויעט-רוסלאנד און די אידן

ניט ווייניקער פיינטלעך, ווי די אראבער גופא, איז געווארן די באציונג פון רוסישן רעזשים צו די דארטיקע אידן, אלס רעזולטאט פון ישראל'ס נצחון אין בליץ אינוואזיע און קריג. זיי האבן פארלארן א סך אמוניציע, טאנקען, עראפלאנען, וועלכע זיי האבן צוגעשטעלט די שלימ-מזלדיקע אראבישע ארמייען; נאכמער, אבער, האט זיי פארדראסן, וואס אט דער ווערטפולער ארסענאל איז אריינגעפאלן אין אידישע הענט. דער פאקט גופא, וואס ישראל האט אזוי שנעל געזיגט, האט ביי רוסלאנד ארויסגערופן א קנאה און שנאה.

כאטש די אפיציעלע ניי־עס-אגענטור "טאס", קאנטראלירט פון רוסישן רעזשים, האט זיך באמיט צו פארטומלען דעם עולם מיט פאלשע באריכטן וועגן אראבישע זיגן, איז אבער דער אמת ארויסגעקומען דורך די אונטער-ערד ראדיא אויסקונפטן. די צעיושעטע רוסן האבן ביט געהאט קיין אנדער ברירה, ווי צו בראנדמארקן ישראל, אלס אן אגרעסאר, און זיך אנצונעמען פאר דער "קריוודע" פון אראבישן "קאזאק הנגזל".

פארשטענדלעך, אז די ערשטע, צו וועמען דער רויטער רעזשים האט אויסגעלאזן זיין ווייסטן צארן, זענען געווען די רוסישע אידן, אלס די שטענדיקע" כפרה - הינדל". עס האבן זיך אנגעהויבן פארפאלגונגען קעגן די "אקטיוויסטן", די אידיש-רוסישע פיאנערן, וועלכע האבן זיך געריסן צו פארן אין ישראל. זיי האבן פאר-

באטן די דאזיקע אפליקאנטן פאר ארויספאר ערלויבענישן צו פארלאזן דאס לאנד.די גזירה איז נאכגעפאלגט געווארן מיט ארעסטן, אפזאגן פון דער ארבעט, פארשיקונגען,איינקוואר-טירונג אין משוגעים-הייזער און אנדערע ענליכע רדיפות.

רוסלאנד האט אנגעווענדעט דעם גאנצן ארסענאל פון ביי דער רשעות קעגן דער "ציוניסטישער קליקע" אין לאנד און קעגן די אגיטאטארן פון אויסלאנד,געהיימע שליחים פון ישראל,וועלכע האבן גערופן צו עליה.דער רעגירונגס-אר-גאן "פראוודא" האט געבראנדמארקט די"ציוניסטן,אלס"היט-לער׳ס תלמידים". די צייטונג"איזוועסטיא", אן אויסגע שפראכן אנטיסעמיטיש בלעטל, האט ווי א היענע גערעוועט, אז די ציוניסטן צוזאמען מיט די נאציס זענען פאראנט-ווארטליך פאר דעם מאסן-מארד פון אידן אין"באבי-יאר". מען האט פארשפרייט גרויל-פראפאגאנדע קעגן אידן און ישראל.העסליכע קאריקאטורן און א דערקלערונג, אז אפי-לו לענין האט שוין זיינערצייט געווארנט קעגן ציוניזם, אלס א פינסטערע רעאקציאנערע באוועגונג,וואס שאפט טע-ראר, אגרעסיע און קריג, און אז ציוניזם איז אימפעריאל-יזם,א שותף צו קאפיטאל און רעאקציע.

די פרעסע איז נאך געגאנגען אזוי ווייט, אז זי האט געדרוקט ארטיקלען פון אידישע"מה-יפית׳ניקעס",א גענעראל דראגונסקי, א דימשיץ, אן אהרן ווערגעליס,רעדאקטאר פון "סאוויעטיש היימלאנד" קעגן ציוניזם און ישראל.זי האט אויך ארויסגעפרעסט דעקלאראציעס פון א צאל רבנים און כלי-קודש קעגן אידישער אגרעסיע.

דער בלוטיקער אוקראאינישער אנטיסעמיט, יורש פון

אטאמאן כמעלניצקי, טראפים קיטשקא, האט פאבריצירט אַ געמיינעם בלוט-בלבול, כלומרשט אונטערגעשריבן דורך העכער 50 פראמינענטע אידישע פיגורן, מיט דער מסירה, אז די שחיטה פון אידן אין באבי - יאר איז אן "אידיש שטיקל ארבעט."

האנט אין האנט מיט דעם געביל פון דער פרעסע זיינען פראקטיצירט געווארן די שוידעריכסטע פארפאלגונגס-מעטאדן. נאכט-ארעסטן זיינען דורכגעפירט געווארן אויף פארדעכטיקע פערזאנען און פיל אידן זיינען פארשוואונדן געווארן אין אן אומבאוואוסטער ריכטונג. בשעת דעם באזוך פון אמעריקאנעם פרעזידענט, ריטשארד ניקסאן, אין רוסלאנד, האט מען פארשפארט הונדערטער אידן אין די תפיסות, אלס אויסרייד פון "כוליגאניזם", אבער פאקטיש אויס מורא, אז זיי זאלן ניט פארלאנגען די אינטערווענץ פון דעם גרויסן גאסט.

אידן האבן אנגעהויבן צו ענטפערן מיט הונגער-שטרייקען, פראטעסטן און עפנטלעכע דעמאנסטראציע. דעקארירטע אידישע גענעראלן פאר בראַוואור אין די רוסישע קאמפן האבן צוריקגעשליידערט זייערע מעדאלן. פראמינענטע אידישע פיגורן האבן זיך אפגעזאגט פון סאוויעטישער בירגערשאפט.

דער שווייגענדיקער דריי-מיליאניקער אידישער קיבוץ אין רוסלאנד האט געעפנט דאס מויל, אנגעהויבן רייסן די קייטן און זיך ציען אין ישראל. דער פלאם איז אויפגעבלאזן געווארן דורך דעם פאנטאסטישן נצחון, דעם גרויסן נס פון ישראל'ס זיג אין יוני 1967.

עס האט אויסגעזען, ווי דער איינגעדרימלטער ריז האט זיך אריפגעוועקט פון זיין לעטארגישן שלאף.

## קאפיטל 20

## צוואנג און דראנג

לויט דער אידישער טראדיציע, אז דער דראנג וואקסט מיטן דרוק און צוואנג, האט ווי א סטיכיע אויפגעברויזט דער נאציאנאלער באוואוסטזיין און פראָ-ישראל געפיל ביי די אידן הינטערן "אייזערנעם פאָרהאנג", באזונדערס ביי - דער יוגנט. דאס סאמע אומגלויבליכסטע איז געשען. אידישע אידישע יוגנטליכע, רוסיפיצירט און קאמוניזירט העכער 50 יאר, אנגעהעריק צום עקסטרעמן "קאמסאמאל", האט פלוצלינג דערוואכט צו אקטיוון רעוואלט. די "שווייגנדיקע אידן" האבן אנגעהויבן פערמענטירן און עס האט זיך געמערקט א צווייטער נס, ניט קלענער, ווי דער בליץ-קריג, א נאציאנאלער רענעסאנס ביי אפגעפרעמדעטע אידן, ביי די אינטעלעקטואלן און פראפעסיאנאלן, וויסנשאפטלער, פראפעסארן, מעדיקער, אקאדעמיקער. דער שטורמווינט האט אויפגעפראלט ביז צום סאמע גרונט פון דער נשמה טראץ דעם האגל פון דיסקרימינאציעס און ברוטאליטעט, וואס האט זיך אראפגעלאזט איבער אידישע קעפ.

פון יענע יארן באלד נאכן בליץ-קריג זיינען באקאנט פאטעטישע אינצידענטן פון הערא‌יזם און מארטיראלאגיע. דאס גאנצע רוסישע אידנטום איז מיטגעריסן געווארן פון די אקטיוויסטן פאר ישראל. דער ריגער מעדיקער, דר. מענדל גאָרדין, וועלכער איז אנטזאגט געווארן פון דער ארבעט, ווייל ער האט ניט געוואלט מחלל זיין דעם הייליקן יום-כפור, האט אפעלירט צו דעם דאמאלסטיקן אוני"א סעקרעטאר יו-טאנט, און פארלאנגט אינטערווענץ. דער ריגער סטודענט, ריפס, האט זיך אונטערגעצונדן אלס פראטעסט קעגן די סא-

וויעטישע רדיפות צו וועקן דעם געוויסן פון דער וועלט. אט דער "לעבעדיקער פאקעל" וועט פארבלייבן אן אייביקער שאנדפלעק פאר רוסישן רעזשים און א דערמוטיקנדיקער סימבאל פון מסירת נפש פאר ציון, ווי אויך א שטאלצער סימן פון דעם נאציאנאלן תחיית-המתים פון אפגעפרעמדעטן רוסישן אידנטום.

געזעצלעכע טענות צו רוסלאנד זענען געווען באזירט אויף דער רוסישער קאנסטיטוציע, וועלכע פארזיכערט מענטשלעכע רעכט, ווי אויך אויף דער דעקלאראציע פון פרעמיער קאסיגין, וועלכער האט צוגעזאגט די פריווילעגיע פון אידישע בירגער אין רוסלאנד צו עמיגרירן און זיך פאראייניקן מיט זייערע אויסלענדישע קרובים און די רעגירונגס-ארגאנען האבן זיך אנטזאגט דאס מקיים צו זיין.

דער רויטער רעזשים האט אויך דורכגעפירט "ספעקטאקעל- פראצעסן", וואו די באשולדיקטע "אקטיוויסטן" פלעגן זיך כלומרשט "מודה זיין" אין זייערע "זינד", פארשטענדליך אונטער דרוק, און ווערן פאראורטיילט ווערן אויף לאנגיאריקע ארעסטן און פארשיקונגען.

פון יענע יארן איז באקאנט דער העלד-מארטירער, גרישא פייגין, וועלכער האט פאר זיין חוצפה פון וועלן עולה זיין אין ישראל און דורכפירן דעמאנסטראציעס פאר דעם צוועק, פאראורטיילט געווארן אויף לאנגטערמיניקע תפיסה און איינשפארונג אין א משוגעים הויז. זיין פארעקשנטער הונגער-פראטעסט און אויסלענדישע אינטערווענץ האבן אויסגעווירקט זיין באפרייונג און עליה. ער איז איצט אין ישראל און פארנעמט א שליסל-פאזיציע צווישן די "אסירי ציון" (אָטקאַזניקעס) אין די קרייזן פון די

רוסישע עולים, אלס פארזיצער פון דער פארוואלטונג ביי

פארבאנד פון די רוסישע עולים אין ישראל און פארוואל-טונגס-מיטגליד פון "חברת עובדים",ווי אויך אלס פארוואל-טונגס-מיטגליד פון עקזעקוטיוו-קאמיטעט אין דעם צענט-ראל-ראט פון דער "הסתדרות". ער האט אויך באזוכט אמערי-קער אין שליחות און אין די אינטערעסן פון דערמוטיקן רו-סישע עליה צו מדינת ישראל.

עס שמאכטן נאך אין די רוסישע תפיסות אזעלכע וויכ-טיקע פיגורן,ווי :אנאטאל שטשעראנסקי,עדווארד קוזניע - צאוו א.א.וו.זייערע פאמיליעס און פריינט,שוין דא אין ישראל, מאכן אלע באמיונגען צו דערמעגלעכן זייער פריי-הייט און עליה.יעפים דאווידאוויטש, פארדינסטפולער אי-דיש-רוסישער מיליטערמאן פון גאר הויכן-ראנק,איז גע-שטארבן אין דער רוסישער תפיסה קורץ פאר זיין אנערקענ-טער ארויספאר דערלויבעניש. ער האט שוין דעם נחת,ליי - דער נישט דערלעבט.

אזוי זעט אויס די לאגע פון די רוסישע"אקטיוויסטן" אין זייער געראנגל און דראנג צו פרייער עליה אין ישראל און זייער אפאזיציע צו דעם ברוטאלן "רויטן"צוואנג פון פארמאכטע טיר און טויער הינטער דעם "אייזערנעם פארהאנג".

## קאפיטל 21
## פראפעסאר דראבקינ'ס טראגעדיע

נאך אן איבערבליק פון די אינערלעכע באציונגען פון די סאוויעטישע ארגאנען צו די "ידיש-רוסישע"אקטיווי-סטען",קומען מיר צוריק צו קאטיושאיס איבערלעבענישן אויפן אוניווערזיטעט,נאכן אנטזישנדיקן ריס מיט איר פאר-

געטערטן אבער מאראליש טיף-געזונקענעם מאטוועי.

נאך דעם אינצידענט מיט מאטוועי איז קאטיושא דערפירט געווארן צו א ווייטערדיקער פולשטענדיקער אנטוישונג אין דעם גאנצן סאוויעטישן סיסטעם. געווירקט האט אויף איר ניט נאר מאטוועיס אנטיסעמיטישע האנדלונג קעגן איר, ניט נאר דער אלגעמיינער אנטיסעמיטישער קלימאט, נאר אויך אן אומפארשעמטער דיסקרימינירנדער פאל מיט פראפעסאר דוד דראבקין פון לאמאנאסאוו אוניווערזיטעט, וואו זי האט שטודירט.

אין סאוויעט-רוסלאנד איז אנגענומען געווארן א העסליכע סטראטעגיע, אז אפליקאנטן, וועלכע האבן זיך געוואנדן וועגן אן ארויספאר-וויזע אין ישראל, זיינען אפגעזאגט געווארן פון דער ארבעט און דאן באשולדיקט געווארן, אלס "פאראזיטן" און פארשיקט געווארן אין צוואנגס-ארבעט לאגערן, און דאס האט געדארפט זיין זייער סוף פון חלום וועגן היימלאנד.

אין אזא לאגע האט זיך געפונען פראפעסאר דראבקין, הויפט פון דער עלעקטראנישער אפטיילונג אין אינסטיטוט פאר וויסנשאפטליכע פארשונגען ביים אוניווערזיטעט. ער האט אנגעגעבן אויף א וויזע צו ישראל און איז באלד אפגעזאגט געווארן פון פאסטן.

די "דראבקין-דראמע" האט נאך מער פארטיפט אין קאטיושאן דעם עקל צו סאוויעט-רוסלאנד און דעם ווילן צו שטעלן זיך אויפן זייט פון ישראל און זיך רעוואנדשירן מיט נקמה

פאר דער עוולה און סקאנדאל קעגן איר געפלאגט פאלק און פארפאלגט לאנד.

## קאפיטל 22

### קאַזאַקאָוו'ס תענית ביי דער ישעיה-וואנט.

אט אין דעם ווירוואר פון געשעענישן האט זיך אויף

דער אינטערנאציאנאלער ארענע ארויסגערוקט די העראישע פי-גור פון לעגענדארן אמת, דער העלד און מארטירער, יאשא קא-זאקאוו אין א דעמאנסטראטיוון פראטעסט קעגן דעם רוסישן רעזשים, וועלכער האט דערגרייכט זיין הויכפונקט אין זיין לאנגן תענית ביי דער "ישעיה-וואנט" פון דער"גלעזערנער שטייג" פון פארהאפטעטן יושר וצדק ,דעם ריזיקן בנין פון דער פאראייניקטער פעלקער-משפחה, די "יו-ען"(יונייטעד ניי-שאַנס) אין ניו יארק.

א שלאנקער, שטאלצער אנטשלאסענער, סאוויעטיש-אידישער בחור, האט זיך יאשא קאזאקאוו, דער אומדערשראקענער אקטי-וויסט און דעמאנסטראנט, שוין צוגעגעסן און דערווידער-געווארן דער סאוויעטישער מאכט מיט זיין ציוניסטישן אַנ-ברויז און מאגנעטישער ווירקונג. די אפיציעלע פאקטארן הא-בען באשלאסן פטור-צו-ווערן פון אים נאכדעם, ווי ער האט זיך אפגעזאגט פון סאוויעטישער בירגערשאפט און באשטאנען אויף ארויספאר אין מדינת ישראל. ער איז אנגעקומען אין תל-אביב, לאזנדיק הינטער זיך זיינע עלטערן, דעם פאטער, אינזשיניער יוסף קאזאקאוו, מוטער, ברודער, שוועסטער און באבע. ער האט זיך אבער ניט אפגעזאגט פון געדאנק זיך צו פאראייניקן מיט דער פאמיליע אין ישראל. ער האט געפאדערט, אז פרעמיער קאסיגין זאל מקיים זיין דעם פייערליך-דעקלא-רירען צוזאג אין פאריז צו לאזן רוסיש-אידישע בירגער זיך

## סאוויעטיש-אידישע אקטיוויסטן



אנאטאלי שטשעראנסקי



עדווארד קוזניעצאוו



גרישא פייגין

אנאטאלי שטשעראנסקי און
עדווארד קוזניעצאוו שמאכטן
נאך אין תפיסות. גרישא פיי-
גין און די קאזאקאוויס זיי-
נען שוין אין ישראל.

פאראייניקן מיט זייערע פאמיליעס אין אויסלאנד.ווען זיי טענות און דעמאנסטראציעס האבן ניט געהאלפן, האט ער באשלאסן אויפצורודערן דאס געוויסן פון דער וועלט מיט א לאנגן הונגער-שטרייק ביי דער ישעיה-וואנט פון דער"יוען" געביידע אין ניו יארק, און ער איז אנגעקומען אהער, אין דער מעטראפאליע פון דער וועלט דורכצופירן דעם פלאן.

מערקווירדיק;צוויי אידישע אינגלאך אין פארשיידענע צייטן:גרינשפאן- אין פאריז און קאזאקאוו -אין ניו-יארק האבן געריירט דאס קאלט אייז פון דער וועלט פון איר פארגליווערטן געשטעל.גרינשפאן- מיט זיין שאס אויפן נאציאפיציר, פאן נויראט, אלס נקמה-אקט פאר דערשיסן זיינע עלטערן; קאזאקאוו- מיט זיין תענית ביי דער"ישעיה-וואנט" אויס רחמנות אויף זיין פאמיליע.ביידע יוגנטליכע מיטן זעלבן מאטיוו, ביידע האבן געמאכט געשיכטע,ביידע האבן רעאגירט אויף הימל-שרייענדיקע עוולות און אויפגעברוידעט א טויב-שטומע וועלט צו אונדזער טראגישן צער.

אנגעטאן אין שווארצע שטיוול,ארבעטס-הויזן (דאנגאריס), א קליינער געשטריקטער יארמולקע אויפן קאפ און א דיקן סוועטער, מיט א פארוואקסן-האריק פנים, האט דער בילד-שיינער בחור אנגעהויבן זיין הונגער-שטרייק. ער האט געהאלטן א גרויסן פלאקאט מיט דער אויפשריפט:"סאוויעט - רוסלאנד, באפריי מיינע עלטערן!". ער האט דערקלערט, אז ער וועט ניט עסן, ביז די וועלט וועט דערהערן זיין געשריי און אויסאיבן א דרוק אויף מאסקווע ארויסצולאזן זיינע עלטערן און פאמיליע. די היסטארישע דעמאנסטראציע האט זיך אנגעהויבן דעם 26 מערץ 1970 און ווי א מאגנעט צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער וועלט.

מיט יאשא קאזאקאוו האט זיך סאלידאריזירט ניט נאר
ואר די אמעריקאנער עפנטליכע מיינונג, נאר די גאנצע פרא-
גרעסיווע וועלט.אין דער צווישנצייט האט מען זיין פא-
טער אפגעזאגט פון דער ארבעט אין רוסלאנד אלס באוואוסט
געווארענעם"סאוויעטישן פראוואקאטאר".

יאשא האט מוטיק און מארטירעריש אנגעהאלטן אט דעם
לאנגן און דערשעפנדן"תענית-יחידי" פון 9 שווערע טעג
און ערשט אויפגעגעבן נאך דער בשורה,אז רוסלאנד האט
צוגעזאגט ארויסלאזן זיין פאמיליע. זיין פנים איז גע-
ווארן אפגעצערט און ער האט זיך קוים געהאלטן אויף די
פיס,געמוזט-צוליב שוואכקייט-זיך אפט צולייגן אויפן
בעטל,זיינע אויגן האבן,אבער, געפינקלט מיט פייער פון
הייליקער עקשנות,וועלכע איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר
זיין שווער-געפראוווט פאלק.

יאשאס תענית האט געשטעלט דעם קרעמל אין גרויסער
פארלעגנהייט.גאנץ מאסקווע האט גערעדט וועגן דאזיקן דע
מאנסטראטיוון הונגער-שטרייק און די באאמטע פון רוסישן
אויסערן-מיניסטעריום האבן זיך געחידושט,ווי אזוי איז
עס, אז צוליב איין פאמיליע און אן איבגלים הונגער זאל
די גאנצע וועלט גיין"כאדראם".עס איז געווען א חרפה
און א בושה,אזא אזא וועלט-מאכט,ווי דער ראטנפארבאנד ,
זאל זיך פילן קאמפראמיטירט דורך א זשעסט פון אן אידיש
איבגל,א דעספעראדא,וועלכער איז בכח צו ציען וועלט -
דראטן און קאנטראלירן און מאטיווירן די עפנטליכע מיי
נונג,ארויסרופנדיק אפשיי און עקל פאר דער רוסישער ברו
טאליטעט.

פאליטישע און דיפלאמאטישע פארהאנדלונגען זיי-
נען אנגעגאנגען אין מלוכה-קאבינעטן פון א צאל לענדער.

אין די נײַן טעג האט פון דער „ישעיה-וואנט" איבערן קאפ פון פארשמאכטן אינגל אראפגעקוקט דער פראָפעטישער רוף און ווידזיע פון דעם "אחרית הימים", אז" קיין פאלק וועט ניט הויבן קיין שווערד קעגן דעם אנדערן און מען וועט שוין מער ניט לערנען קיין מלחמה". די כלומרשט-אדאפטירטע תנכישע לאזונג האט -אין שטום-לשון- אויסגעדריקט ביטערע איראניע און חוזק ,ווען א הייליקער אידעאל ווערט אזוי פרעך צעטראטן אונטער די פיס פון א היפאקריטישער וועלט-מאכט און אירע "מה-יפית׳ניקעס" אין דער "גלעזערנער שטייג" פון דער"ײַד - ען " ענטפערן"אמן" אויף רשעות, ברוטאליטעט און קרימינאל.

## קאפיטל 23

## אין א משוגעים - הויז

דורך דער צייט, וואס קאטיושא איז געווען מיט מאט - ווע׳, האט זי געארבעט אויף א רעגירונגס-שטעלע אלס אן אי בערזעצערין פון רוסיש אין אראביש און פארקערט. איר גע-נויע קענטניש פון ביידע שפראכן ,איר שטודיום פון ארא - ביש אויפן לאמאנאסאוו-אוניווערזיטעט, איר שארפער קאפ און שנעלע אריענטאציע, האבן איר פארשאפט דעם וויכטיקן פּאָסטן. דאס איז געווען א פאראנטווארטליכע שטעלע מיט א סך סודות אין שייכות מיט סאוויעט-רוסלאנד'ס אויסערן-פאליטיק לטובת דעם אראבישן צד אין מיטעלן מזרח - קאנ - פליקט. די מאכט האט געהאט צוטרוי צו קאטיושאן, אלס גע-שווארענע קאמוניסטין און האט איר אנפארטרויט די דעליקא-טע ארבעט פון אן איבערזעצערין.

דער צוזאמענשטויס צווישן קאטיושא און מאטוועי האט אבער די לאגע געענדערט. נאכדעם ווי מאטוועי האט ארויסגע-

וואָרפֿן קאַטיושאַן פֿון הויז, האָט ער זי פֿאַרמסרט פֿאַר דער סאָוויעטישער מאַכט, אַז זי איז אַ פֿאַררעטערין פֿון דעם קאָמוניסטישן סיסטעם, אַז זי איז אַ פֿריינט פֿון ישׂראל און אַ פֿיינט פֿון דעם רויטן רעזשים.

מען האָט גענומען קאַטיושאַן אויף אַ פֿאַרהער, ביי וועלכן זי האָט דרייסט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז זי איז פּראָ-ישׂראלדיק אָריענטירט.

"טאָוואַרישטש קאַטיושאַ אַסיפּאָוונאַ, ווי אַזוי וואָגט איר איינשטימען מיט דער פּאָליטיק פֿון דעם ציוניסטישן אַגרעסאָר, וועלכער באַוואָלהט די אומבאַהאָלפֿענע אַראַבישע פֿאָלקסמאַסן? איר פֿאַראַט די אינטערעסן פֿון אונדזער לאַנד; איר זייט אויפֿן צד פֿון די אַנפֿאַלער, וועלכע נעמען-צו ביי אונדזערע אַראַבישע ברידער זייער לאַנד און זייער ברויט"- האָט געשטורמט קאַטיושאַ'ס אויספֿאָרשער.

"איר רעדט וועגן אַראַבישע ברידער, ווי שעמט איר זיך ניט?"- האָט קאַטיושאַ צוריק-געשליידערט דעם אויספֿאָרשערס פֿאַלשע טענות- איר רעדט וועגן אינוואַזיע, אַגרעסיע? זינט ווען חבריט איר זיך מיט שקלאַפֿן-הענדלער, מערדער, טעראָריסטן, עקספּלואַטאַטאָרן? און ווי קענט אירריידן וועגן ישׂראל, אַלס אַגרעסאָר, ווען איר האָט-מיט פֿויסט און בלוט-פֿאַרנומען אַ האַלבע וועלט. איר רעדט אַזוי דערפֿאַר, ווייל עס לוינט זיך אייך אַזוי, ווייל אייך האָט פֿאַרשמעקט דאָס אַראַביש אויל; ווייל איר ווילט אַ וועג דורך סועץ-קאַנאַל צו דער ברייטער וועלט. איר האָט פֿאַרכאַפּט פּוילן, אונגאַרן, טשעכאָסלאָוואַקיע, מזרח-דייטשלאַנד, ליטע, לעטלאַנד, און איר שטראָפֿט אַנדערע. היפּאָקריטן, וואָס איר זייט!

- איר פֿאַרדאַמט ישׂראל, וואָס וויל נאָר דאָס, וואָס איר

קומט היסטאריש; ישראל,וועלכע קעמפט אין זעלבסט_פארטיי-
דיקונג; ישראל, וואס האט געבראכט גליק,ליכט און וויסן
מענטשן-רעכט און ווירדע צו די צוריקגעשטאנענע אראבער.
מיר ווילן אונזערס, אייגנס; איר ווילט - פרעמדס. איר
פארקויפט דעם אינטערנאציאנאל פאר א פאליטישער קאניונק-
טור צוליב אייער אומגעצוימטן אפעטיט צו באהערשן די גאַ-
רע וועלט, און איר חנ'דלט זיך צו דעספאטן,צו טיראנען,
צו פיינט פון דער סאוויעטישער אידעאלאגיע".

"שווייג שטום, אומפארשעמטע פאררעטערין"-האט געברו-
גזט זיך דער אויספארשער- מיר האבן גארניט געוואוסט,אז
מיר האבן אזא גיפטיקע גלאנג צווישן אונז.ווען ניט טאַ-
ווארישטש מאטוועי,וואלטן מיר דאך ווייטער געלעבט אין
טעות.ער איז וואָרט א מעדאל פאר זיין בראַוואור.איצט -
איז אן ענד צו אייער שטעלע. איר זייט,ווי עס ווייזט
אויס, פון זינען אראפ; ווער איר שוין ווייטער שפינען
אייער פראָ-ישראלדיקן חלום הינטער די גראטעס פון א
משוגעים- הויז.מען וועט אייך שוין דארט אויסניכטערן"
-האט געדראט דער אויספארשער.

און - דאס גרויזאמע איז טאקע געשען.קאטיושא איז
פארשיקט געווארן אין א משוגעים-הויז ערגעצוואו אין
פארווארפענעם אוראַל,וואו עס האבן זיך שוין פון פריער
געפונען סאוויעטיש-אידישע אַקטיוויסטן-מארטירער.

אזוי איז דאס שווער-געפראווט אידיש מיידל,אנטרונע-
נע פון איר היים און פאָלק,אויסגעשפיגענע פון איר גויי-
שער סביבה,פאַרוואָרפן געווארן אין א דול-הויז פאר דעם
איינציקן חטא,וואס זי וואגט צו דענקען לאגיש און זאגן
דעם אמת;"אראפ פון זינען"גראד ווען זי איז געקומען אַ-
קאָרשט צום זינען...

קאפיטל 24

## דער שפיצל פון א פוקס

קאטיושא איז אין משוגעים-הויז געקומען אין באריר־ונג מיט אן אנדער וועלט. זי האט דא געטראפן ציון-טרוימער, א־זעלכע וואס האבן ריזיקירט מיט זייערע לעבנס און דורכגע־פירט דעמאנסטראציעס פאר פרייער עליה אין ישראל ביי די ביוראען פון דער רייזע-געזעלשאפט "אָוויר" און ביים אוי־סערן-מיניסטעריום און דערפאר זיינען זיי אהער פארשיקט געווארן אלס כלומרשט "פסיכיש-קראנקע" און שעדליכע עלע־מענטן פאר דעם פאלק און פאר דעם רויטן סיסטעם.

אין דעם קרייז פון די כלומרשטע משוגעים, וועלכע זיי־נען געווען קלערער און באוואוסטזיניקער פון זייערע פאר דארבענע וועכטער, האט אין קאטיושאן אויפגעבליצט דער אמאָ־ליקער אידישער פונק, "דאס פינטעלע איד" פון די "יסכאָדקעס" אין דער אלטער היים. דערצו האט אויך איר געווירקט די אנ־טוישונג אין מאטוועי און אין דער גאנצער סאוויעטישער אי־דעאלאגיע און זי האט באשלאסן זיך אומקערן צו איר פאלק און עולה זיין אין ארץ ישראל.

איר ווילן איז נאך געשטארקט געווארן דערמיט, וואס עס זיינען צו איר דערגאנגען גרוסן וועגן איר טאטנ'ס טראגישן טויט און זיין ווידוי אין די גסיסה-שעהן-, ווען ער האט אויסגעדריקט חרטה אויף זיין באנעמונג צו זיין בת-יחידה און ער האט איר מוחל געווען דעם פארצווייפלטן שריט, צו וועלכן ער האט זי אליין דערפירט. זי האט אויך אויפגענומען די ידיעה, אז ער האט פארלאנגט, זי זאל זיך צוריק-קערן צו אידישקייט און זיך דערשלאגן צו ארץ ישראל.

דערבײַ איז נאך צוגעקומען די ידיעה, אז איר מוטער איז פארפײַניקט געווארן אין א סאוויעטישן קאנצענטראציע- לא-גער דערפאר, וואס זי איז פארדעכטיקט געווארן אין א פאר שווערונג צו דערמעגליכן איר טאכטער'ס אנטרינונג פון מא-סקווע, כאטש זי איז דאך בײַזווייליק פארשיקט געווארן א-הער דורך דער סאוויעטישער מאכט. דער בלבול, וועלכן עמי-צער האט געמאכט, האט איר פארשאפט פיל פארפאלגונגען און דערפירט צו איר מארטירערישן טויט הינטער אײַזערנע גראַ-טעס. קאטיושא איז פארבליבן א קײַלעכדיקע יתומה, פאראײַנ-זאמט און פארלאזן פון אלעמען. פון טאג צו טאג איז גע-שטיגן איר באגער זיך ארויסשמוגלען פון דאנען, אבער ווי פירט מען עס דורך?

קאטיושא האט זיך דערמאנט אין מאטוועיי'ס פארוואורף, אז אידן שפילן איבערפלעכליך די ראל פון א לעמעלע, אבער זייער זייער פארצוקעריש ווי א לייב און כיטרע ווי א - פוקס. דאס מאל האט ער איר צוגעטראפן, כאטש זײַן כאראק-טעריסטיק פון און וועגן אידן איז געווען גיפטיק. זי איז טאקע פון-איצט שוין מער קיין לעמעלע, נאר - א פוקס. זי וועט זיך פארמאַסקירן פאר אן אנדער פערזאן און זיך דאן ארויסגנבענען פון געפענגעניש..

דער ערשטער מיטל צום צוועק איז געווען צו פאַרבן די האָר פון שווארץ אויף בלאנד, כדי קענען לײַכטער פארדעקן איר געפלאנטן קאמפלאזש. זי האט אונטערגעקויפט א ווערכ-טערין און פון איר באקומען א פלעשל מיט בלאנדע האָר - פארב און זיך מיט דעם באנוצט. די אלע ארומיקע האט זי דערקלערט, אז זי לײַדט פון א הויט-קראנקהייט, וואס דער פון ווערן די האר אפגעבלאקירט. די קראנקהייט- האט זי



קריינדעלע דעם שוחט'ס
- קאַטיושא אָסיפּאָוונא -
אלס"פארשטעלטע"
אלגא יעפימאָוונא

"איך האָס די פּאַראַזיטן, די "זשידעס"

געזאגט-איז איר געקומען פון שווערע איבערלעבענישן און-
פון אנשטעקנדיקער אטמאספער.

דערביי האט איר צוגעשפילט דער מזל פון נאך א גינס-
טיקן צופאל, וואס האט געהאלפן ענדערן איר אידענטיטעט. עס
איז אין דעם משוגעים-הויז געשטארבן א בלאנדע קריסטין
און קאטיושאן איז געלונגען ארויסצושמוגלען איר פאספארט.
נאכן פארבן די האר, האט זי אליין שוין אויך אויסגעזען,
ווי א שיקסע, קריסטליך-בלאנד, און דאס איז פאר קאטיושאן
געווען א גרויסע טובה.

די קריסטין האט געהייסן אלגא יעפימאוונא און זי,
קאטיושא האט זיך באנוצט מיט איר ארויסגעשמוגלטן פאס -
פארט, אויף וועלכן זי האט ארויפגעקלעפט איר אייגענע פאָ-
טאגראפיע, אלס ריין-ראסיסטישע גויע. די פאטאגראפיע האט
איר באזארגט איינער פון אירע חברים אין דול-הויז, וועל-
כער האט אהין ארייננעשמוגלט זיין פאטאגראפישן אפאראט.

אונטערקויפנדיק די וועכטער, האט זי זיך אין א שטאק-
פינסטערער נאכט ארויסגעגנבעט פון משוגעים-הויז און א-
וועקגעבלאנדזשעט אין א ווייטער גרויסער שטאט. איר רוסי-
שע אויסשפּראך, ווי א "סאָמאראָדנע" גויע, איר דעמאנסטרא-
ציע פון האס צו אידן, האבן געוועקט צוטרוי ביי אלעמען
און מען האט זי אנגענומען פאר: אָלגאַ יעפּימאָוונאַ.

## קאפיטל 25

## אין דעם נייעם גלגול

קריינדעלע דעם שוחטיס, קאטיושא אסיפאוונא, און איצט
-אלגא יעפימאוונא, אין איר נייעם גלגול, איז אריין אין
איר נייעם, פרישן טראנס פון לעבן.

כדי נאכמער צו פארדעקן איר אידישן אפשטאם און צו מאכן דעם איינדרוק פון אן עכטער, אורשפרינגליכער גויע, האט אלגא יעפימאוונא באשלאסן ארויסצווייזן עפנטליך איר פארביסענעם אידן-האסןי, האט אנגעהויבן ווארפן פעך און שוועבל אויף די "זשידעס", וועלכע ווילן פארכאפן די וועלט.

אנקומענדיק אין דער ווייטער, פרעמדער שטאט, האט זי זיך געמאלדן אין קאמיסאריאט פאר ארבעט "לידאוואי טרוד", זיך לעגיטימירט מיט איר פאספארט, אלס אלגא יע-פימאוונא, און זיך אנגעגעבן אלס וואלונטיר צו גיין מיט די רוסישע אינסטרוקטארן און ארמיי אפטיילונגען

אויפן סירישן פראנט אין קאמף אויף דער זייט פון די אראבער קעגן ישראל. זי האט דערביי געוויזן אירע קוואליפיקאציעס, אלס עקספערטע איבערזעצערין פון אראביש אין רוסיש און פארקערט. עס איז איר געלונגען צו איבערצייגן די באשעפטיקונגס-באאמטע, אז זי וועט זיי ברענגען גרויס נוצן און העלפן דעם סאוויעטישן רע-זשים דערגרייכן, צוזאמען מיט די אראבער, א נצחון אי-בער דעם ציוניסטישן אגרעסאר. זי האט זיי איינגע-רעדט, אז איר אידן-האס און אבסאלוטער גלויבן אין דער גערעכטער סאוויעטישער פאליטיק, באוועגט זי צו מאכן דעם דרייסטן אנבאט.

"שמוציקע אידן" — האט זי געשימפט — זייער אייגענער באדן איז זיי ווייניק, ווילן זיי פארנעמען יענעמס אויך. די אקופירטע שטחים פון די אומגליקליכע אראבער איז א הימל-שרייענדיקער סקאנדאל. "רמת הגולן" האט געהערט צו די סיריער, האבן עס די ישראלים פאר -

כאפט און דער סאוויעטישער יושר קען ניט און טאר דאס ניט דערלאזן. אידן זיינען אן אנשיקעניש, א פאראזיט, וואס דערנערט זיך אויף יענעמס בלוט און שוויים, און מען מוז זיי אנלערנען, אז דער שוואכערער טאר ניט זיין אויסגעשטעלט אויף הפקר. עס איז די טראדיציע, די אידעאלאגיע פון דעם ראטנפארבאנד זיך אנצונעמען פאר די באעוולהטע און דורכזעצן דעם פרינציפ פון זעלבסט-באשטימונג פון פעלקער, און דער קרעמל וועט שוין ווייזן ירושלים, ווער עס איז גערעכט".

דערהערנדיק אזעלכע דיבורים, זיינען די באאמטע פון "ליודאוואי טרוד" (פאלקס-ארבעט) שטארק נתפעל געווארן פון אלגא'ס לאיאליטעט, פון איר קאמוניס-טישן "אני מאמין" און זי געשטעלט פאר א מוסטער צו די אנדערע קאמעראדן.

"פאזדראוולאיעם, טאוואַרישטש פערעוואדטשיק, אלגא יעפימאוונא!, מיר באגריסן אייך,קאמעראד איבערזעצערין"-האבן זיי אין עקסטאז אויסגערופן. אלגא האט באקומען די דערלויבעניש זיך אנצושליסן צום רוסישן באטאליאן,וועלכער איז באשטימט גע - ווארן פארן סירישן פראנט.

צוזאמען מיט די סאוויעטישע אינסטרוקטארן, טעכניקער און סאלדאטן, איז אלגא באשטיגן א העלי-קאפטער און איז אנגעקומען אין"רמת הגולן".זי האט געפועלט, אז מען זאל איר לאזן מיטפארן מיט א רו-סישן טאנק,וואו זי וועט ארויסהעלפן אלס איבערזע-צערין.

אזוי האט די פארשטעלטע קליינשטעטלדיקע אידישקע

אונטער א קריסטאליכער מאסקע, פארנארט דעם האמעטנעט״רוסישען בער״, וועלכער האט זיך געלאזט פארפירן פון א „פי-פיקן פוקס" אין א רידיקן פארמעסט פון אינטריגע און פאר-ראט.

דעם שוחט'ס בת-יחידה האט תשובה געטאן אויף איר פאר גרייזטער יוגנט, זיך אליין אפגעפונען אין לאבירינט פון פארלוירנקייט, און מקיים געווען דעם וואונטש פון טאטע-מאמע צו קומען צוריק צום אייגענעם שטאם, צו דער-גרייכן דאס אייגן לאנד, כאטש אונטער א פרעמדן נאמען. פון אונטער די בלאנדע האר און דעם רויטן מונדיר האט דערוואכט די אידישע נשמה פון א פארבלאנדזשעט און פאר-פרעמדט אידיש קינד.

## קאפיטל 26

## די״מלחמת יום-הדין״

6-טער אקטאבער 1973. א פארכטיקער יום-כפור האט זיך אראפגעלאזט איבער דעם אידישן ישוב אין אונזער היים-לאנד. די לייטזעליקייט האט זיך שוין געמערקט אין די בין-השמשות שעהן פון ערב יום-הדין. אויסגעלייטערטע, „נשמה-יתירה׳דיקע" אידן האבן נאך מנחה און ווידוי זיך געאײלט אהיים צו דער ״סעודה המפסקת״ מיט הייליקן ציטער. אויסגעטובליטע אין די מקוואות, האבן זיי זיך געגרייט פאר דעם מארגנדיקן טאג, ווען דער גורל פון יחיד און כלל וועט פארזיגלט ווערן אויף א גאנצן קיי-לעכדיקן יאר. אין דרויסן האט עס געאטעמט מיט ״חרדת-קודש״ פאר דעם משפט איבער די מענטשן פון דער זינדי-קער, שפלדיקער ערד.

געווען איז עס אבער א פרידליכע שרעק, דער געוויין-

ליכער פיבער,וואס קומט מיט דער הייליקייט פון טאג.ניט פארדעכטיקט האט קיינער, אז דער טייוול האט דא אפגעטאן א שפיצל, געמאכט א פארשווערונג קעגן ישוב און ציון טא-קע גראד אין דעם"הייליקסטן טאג",און אז די געהויבענע שטימונג פון א קיבוץ אידן, וועלכע בעטן אויף סְלִיחָה, מְחִילָה וכַפָּרָה,וועט פארשטערט ווערן דורך א פלוצלינגער "תְּרוּעַת מִלְחָמָה".

איינגעהילט אין טליתים און קיטלען, האט דער ישוב או-מעטום, פון דן ביז באר-שבע,אויסגעגאסן דאס הארץ אין דער "תְּפִילָה זַכָּה",וואס מען זאגט פאר"כָּל נִדְרֵי";אויפגע-ברויזט געווארן פון די רירנדע טענער פון "כל נדרי" און די "יַעֲלוֹת" און צומארגנס,מיט גרויס כוונה,אפגע-ריכט די יום-כפורדיקע געבעטן.פון עק צו עק האבן זיך איבערגעפאקטע שולן געוויגט אין א שטורעם פון דביקות און השתפכות הנפש, אין איינקלאנג מיט דעם געמיט און דער שטימונג פון יום-הדין.

פלוצלינג...

-ווען די חזנים און בעלי-תפילה האבן געהאלטן ביי די ווערטער:"וְעַל הַמְּדִינוֹת בּוֹ יֵאָמֵר" (אויף די מדינות וועט באשטימט ווערן דער גורל),האבן מיליטערישע סירענע-שאַלן פארהילכט די לופט,אנזאגנדיק די איוב-בשורה,אז די אראבער זיינען באפאלן די מדינה אויף צוויי פראנטן : סועץ און סיני, און רמת-הגולן. זיי,די גיפטיקע שונאים, האבן גענומען דאס פאלק און די מדינה דורך סורפריז,-אויסקלייבנדיק דווקא דעם הייליקסטן טאג,ווען אידן זיי-נען פארזאמלט אין די שולן,פאסטן און ריכטן- אָפּ תפילות. די העסליכע טראגעדיע פון א געפלאנטן איבערפאל אינגאנ-צען אומגעריכט,די פארשווערונג פון הייליקטום,דער פרע-

כעך אויסנוץ פון רעליגיעזער אומבארירליכקייט, אין דער האפענונג, אז אידן וועלן נישט מְחַלֵל הַקוֹדֶש זיין און זיך נישט קעגנשטעלן, זאגן שוין בעשיינפערליכע עדות, וואסערע עקלהאפטע מעטאדן דער פיינט האט אנגעווענדט.

זיי האבן אבער געמאכט א פאטאלן טעות. די ידיעה האט זיך בליץ-שנעל פארשפרייט און אידן האבן זיך שנעל מאבי-לידירט אין איינקלאנג פון דער הלכה וועגן פיקוח-נפש און דעם היתר פון קאמף און זעלבס-פארטיידיקונג. מאבילי-זאציע-פאטרולן האבן באזוכט די שולן און אידן זיינען אויפגענומען געווארן פון מחזור און שטענדער, ווי אויך פון עמוד, אויפגעלאדן געווארן אויף מיליטערישע וועגע - נער, קוים צייט-האבנדיק מיטצונעמען אוניפארמען און גע-ווער, און אין איילעניש זיינען זיי טראנספארטירט גע-ווארן צו די באפאלענע פראנטן. אויף די לאסט-אויטאמא-בילן האבן אידן פארגעזעצט זייער תענית און תפילות. דאס איז געווען אַ היסטארישער יום-כיפור פון עפנטליכן חילול יום-טוב על פי דין.

שווערע, פינסטערע באריכטן האבן לכתחילה געיאגט איינער דעם אנדערן. מען האט זיך דערוואוסט, אז די עגיפ-טער זענען אריבער דעם סועץ, צעשמעטערט דער״בר-לב ליניע״ און געפאנגען אדער אומגעבראכט אידישע זעלנער ביים גרע-נעץ-פונקט, און - אז די סיריער שטורעמען די ״רמת -הגולן״. צוליב די יום-כפורדיקע אורלויבן זיינען טאקע וויי־ניק אידישע זעלנער פארבליבן אויף זייערע פאזיציעס און דער שונא האט עס אויסגענוצט. די איבעראשונג ווי אויך דער כאאס האבן נאך פארטיפט דעם אומגליק, און דאס פאלק און די מדינה האבן געליטן שווערע פארלוסטן און אפגעצאלט א הויכן פרייז אין טויזנטער פארוואונדעטע און מאסן

הרוגים. אין פארלויף פון א מעת-לעת איז שוין אבער דער גאנצער ישוב געווען מאביליזירט און אין עטלאכע טעג שפע-טער האט זיך צה"ל אויסגעצייכנט מיט אן ערפאלגרייכער אָ-פענסיווע און פאנטאסטישע זיגן. צוריקשליידערנדיק די אטא-קעס פון שונא יאז די ישראל-ארמיי ארײן טיף אין דעם שונא'ס טעריטאריע און ארײנגעכאפט אין א פאסטקע דריטע ארומגערינגלטע עגיפטישע ארמיי.

אזוי האט דאס לאנד און דער ישוב אנגעהויבן דעם היס-טארישן יום-כפור מיט תענית און תפילה, און-פארענדיקט מיט א פארצווייפלטן קאמף אויף לעבן און טויט.

## קאפיטל 27

## די גורלידיקע באגעגעניש

אין יענע גורל-טעג האט זיך אלגא יעפימאוונא, די פאר-שטעלטע קאטיושא, געפונען אויפן סירישן פראנט, אנפירנדיק מיט א סאוויעטישן טאנק.

נאך פון סאוויעט-רוסלאנד, פון אירע חברים אקטיווי-סטן, האט אלגא, די געוועזענע קאטיושא, געוואוסט פון גע - היימן פאראל אז ווען מען דעקט-צו אן אויג, איז עס א סימן, אז מען באגריסט זיך מיט דעם סאַלוט פון ישראלי ס פארטיידיקונגס-מיניסטער, משה דיין, ביי וועמען איין אויג איז פארמאכט.

פונדערווייטנס האט זי באמערקט, דורכן טעלעסקאפ, א ישראל-פאטרול און געוואלט קומען מיט אים אין באריר ונג. זי האט פארנארט אירע באגלייטער אין טאנק, אז זי איז אויסן צו פארנארן דעם פאטרול דורך ציען זיין אויפמערק-

זאמקייט; ווען דער פאטרול וועט זיך דערנענטערן, וועט דער טאנק אים פארנעמען אין געפענגעניש און ברענגען צו די סי-ריער, וואו מען וועט זיך דערוויסן פון די געפאנגענע זעל-נער בויטיקע מיליטערישע סודות און דאן זיי אויסשיסן מיט מאשין-געווער. דאס האט זיך געלייגט אויפן שכל און אירע באגלייטער האבן איר געגלויבט.

זי האט דאן אויפן אויג אויפגעהאנגען א שווארץ אָ-וואַל שטיקל שטאף, כדי דערמיט אנצוווינקן, אז דער פאטרול זאל אינטריגירט ווערן און זיך דערנענטערן. דער קאמאנדיר פון פאטרול האט אנגעשטעלט זיין טעלעסקאפ און זי באמערקט דער סימן איז אים געווארן אויפפאלנד און ער האט גע - טראכט, אז דאס איז אפשר א שפיצל מצד דעם שונא ארייננצו-שמוגלען אים אין פאסטקע. דאך האט ער באשלאסן צו ריזי - קירן און אויסגעפינען דעם אמת אויפן פלאץ.

ווען דער ישראל-פאטרול איז שוין געווען גאר נאנט צום סאוויעטישן טאנק, האט אלגא בליץ-שנעל ארויסגעכאפט פון הינטערן מונדיר א באהאלטענע ווייס-בלויע פאן, וועל-כע זי האט געהאט טיף פארשטעקט, אויפגעהאנגען זי איבערן טאנק און אויסגעשריגן אין העברעיש:

״שלום, ישראלים!״

דאן איז פארגעקומען עטוואס אויסטערלישעס. א גרויס געשעעניש האט פאסירט אין געציילטע סעקונדן. אלגא האט צו דעם ישראל-פאטרול גלייך איבערגעגעבן דעם סאוויעטישן טאנק, און דאס איז געטאן געווארן אזוי בליץ-שנעל, אז איר סאוויעטישער מיליטערישער קאנטינגענט איז צעטומלט גע - ווארן און ניט געקענט רעאגירן. זיי זענען אלע גענומען געווארן אין געפאנגענשאפט.



דער רוסישער טאנק
מיט דער בלוי-ווייסער פאן. מען האט גענומען אלגאין צום ישראלדיקן מיליטערישן שטאב אויף א פארהער.
די פרייוויליקע איבערגעבונג פון טאנק איז געווען א רעטעניש.

---

אזוי האט דער געוואגטער שריט פון דער פארשטעלטער אידישער מיידל דורכגעפירט א העראישן אקט פון ריזיקע און מסירת נפש, אדאנק וועלכן די העלדין גופא האט זיך אריינגעשמוגלט אין ישראל און באררייכערט דעם ישראל - פראנט מיט א סאוויעטישן טאנק.

ישראליס שר אין הימל האט איבערגעדרייט די פיגורן אויפן שאך-ברעט פון גורל אין די קריטישע טעג פון דער מלחמת יום-הדין.

## קאפיטל 28
## די אויספארשונג

אין א שטרענגן טאן האט דער ישראלדיקער מיליטערי - שער אויספארשער גענומען אלגאין אויף א קרייץ-פארהער.

"ווער ביסטו און אויף וועמעס פאראדענונג ביסטו גע-

קומען אהער שפּיאנירן קעגן אונזער פאלק און לאנד? וואו האסטו גענומען די בלוי-ווייסע פאַן און דעם "דיין-באַנ-דאזש? דאס זענען אויסגעקליגלטע שפּיצלאך, אבער עס וועט דיר ניט העלפן. ביסט איצט אין אונזערע הענט. דיר קומט א גרויסע שטראף. נאר דער טויט קען דיך אויסלייזן פון פאַר-ברעכן און זינד. וועסט שוין אָפּקומען פאר דעם שווינדליי-האט דער אויספארשער געצארנט.

קריינדעלע-קאטיושא-אלגא האט אין דעם אויספארשער דערקאנט אירן א יוגנט-חבר פון די "סכאַדקעס" אין דעם אמאליקן היימשטעטל. ער האט זיך דערשלאגן צו ארץ ישראל און איז דא געווארן א הויכער ארמיי-אפיציר. זי האט אנ-גערופן דעם אויספארשער ביים נאמען און געמאכט איר דער קלערונג אין "עברית":

"וואס איז מיט דיר, חיים? צו ווען רעדסטו מיט אָט דעם שטרענגן טאן? איך בין דאך קריינדעלע דעם שוחטיס, ריוסקיס בת-יחידה פון דער אלטער היים, און מיר פלעגן דאך צוזאמען זיך באטייליקן אין די ציוניסטישע "סכאדקעס אין וועלדל, ביים טייכליי-האט זיך אלגא אנגעבייזערט.

"אבער ווי איז דאס מעגלך? ביסט דאך פארשוואונדן מיט א שייגעץ אום ראש-השנה. יענע קריינדעלע איז געווען א ברונעטע, דו ביסט בלאנד, דו זעסט אויס ווי א שיקסע, אין דיין פּאספּארט טראָגסטו א גוישן נאמען: אלגא. אמת, האסט געטראפן מיין נאמען, אבער איך קען נאר אלץ ניט פארשטיין, וואס דא קומט פאריי-האט זיך דער אויספארשער געחידושט. אגב, ווי קומסטו אהער?".

"עס איז א לאנגע און טראגישע געשיכטע, אבער גלויב מיר הייליק, אז דאס איז די זעלבע קריינדעלע. איך האב

געפאַרבט די האר, געגעבן דעם נאמען, כדי צו קענען קומען
אהער און זיך איבערגעבן צו אייך צוזאמען מיטן טאנק.
איך האב איבערגעקליגט דעם סאוויעטישן שונא און בין אב-
סאלוט גרייט זיך צו שטעלן צו אייער דיספאזיציע און העל-
פן ישראל. איך בין א בעלת-תשובה און מיט מיינע לייסטונ-
גען פאר פאלק און לאנד וויל איך אויסקויפן מיין גרויסע
זינד. ״שמע ישראל״- גאט איז מיין עדותו!״

חברה זיינען געריהרט געווארן פון אלגא׳ס ווערטער
און ווידוי און מען האט איר באפרייט פון שווערן חשד.

״צום אלעם ערשטן מוזן מיר דיר געבן א נייעם נאמען.
דו וועסט הייסן ״כותרת״,וואס אנטהאלט אויך דעם באגריף
פון א קרוין אין ״עברית״ און דערמאנט אין דער היימישער
קריינדעלע.איצט,שלאָג-פאר,ווי אזוי דו קענסט אונז העל-
פן״.

״איך קען גוט רוסיש און אראביש״- האט קריינדעלע-
קאטיושא-אלגא ״כותרת״ געענטפערט אויף דעם אויספארשער׳ס
פראגע-איך געדענק אויך ״עברית״.קענטניש פון שפראכן זאל
דינען אלס שליסל פון מיין ארבעט פאר אייך.איך מוז,אבער
אויך פארהאלטן דעם רוסישן פאספארט פון״אלגא יעפימאוונא״
איך בין גרייט צו שפיאנירן פאר ישראל,צוקומען נאענט צו
דעם סירישן פראנט,וואו מען קען מיך אלס רוסיש-אראבי-
שע איבערזעצערין. איך וועל זיי זאגן, אז מיין טאנק האָ-
בן אויפגעריסן די ישראלים דורך ווארפן אויף אונז א גרא-
נאט. אלע זיינען אומגעקומען און איך בין,על פי נס, גע-
בליבן לעבן צו קענען ווייטער דינען דער סאוויעטיש-ארא-
בישער פארשווערונג און נעמען נקמה פון ישראל״.

דער פלאן איז זייער געפעלן געווארן דער חברה און
מען האט אנגעטרויט״כותרת״ אויסשפיר-דינסט לטובת ישראל.

אזוי איז קריינדעלע- קאטיושא- אלגא אריין אין איר פערטן גלגול, אלס "כותרת" צום גונסטן פון איר אייגן פאלק און לאנד.

## קאפיטל 29

## דער פארוואונדעטער רוסישער פליער

אין דער צווישנצייט האט מאטוועי זיך אריינגעווארפן אין אקטיווער ארבעט פאר דער סאוויעטיש-אראבישער ליגע פון פריינדשאפט. זיין האס צו אידן איז געשטיגן נאך שטארקער נאכדעם, ווי ער האט קאטיושאן ארויסגעווארפן פון הויז. ער האט געהאט א האנט אין פארפייניקן קריינדעלע'ס מוטער, אויף וועלכער ער האט געמאכט א בלבול, אז זי איז געווען שולדיק אין איר טאכטער'ס אנטרינונג פון מאסקווע און אין איר פארראט פון רוסישן פאלק און רעזשים. ער האט געוואלט דערמיט פארווישן די שפורן פון איר פארשיקונג אין א משוגעים-הויז און געזוכט צו מאכן דעם איינדרוק, אז זי אליין איז אנטלאפן פון מאסקווע, און אז די מוטער האט דערפון געוואוסט און די דערצו דערמוטיקט דורך גרוסן און עצות פון פריינט. די אומשולדיקע מאמע האט פאר דעם בלבול באצאלט מיטן לעבן אין א סאוויעטישן קאנצענטראציע לאגער.

מאטוועי האט זיך אויסגעלערנט פליען און זיך אנגעגעבן, אלס וואלונטיר צו העלפן די סירישער אויפן פראנט פון רמת הגולן. ער האט פארבלאנדזשעט אויף דער ישראל-טעריטאריע און א ראקעטע פון א ישראל-קאַנאָן האט ארונטערגעשאסן זיין עראפלאן. מאטוועי איז דערביי פארוואונדעט געווארן. ער האט נאך באוויזן זיך צו ראטעווען פון דעם ברענענדיקן עראפלאן מיט א פאראשוט און האט זיך ארונטערגעלאזן אויף די ישראל-ליניעס.

די ישראלים האבן אים געבראכט אין א שפיטאל אויפן פראנט, און ווען ער איז געקומען צו זיך, האט מען אים גענומען אויף א פארהער.

ביים פארהער האט מען אויסגעפונען, אז ער איז א רוס און דערביי האט מען ביי אים אויך געפונען דינאמיט, באַשטימט פאר אויסלאַדונג איבער ישראלדיקע ישובים אויפן גרענעץ פון רמת הגולן. דערביי האט מען ביי אים אויך געטראפן א פאטאגראפיע פון א מיידל, און א דאנק-בריוו, וואס ער האט באקומען פון דער העכערער מאכט מיט א קאמפּלימענט פאר פארפייניקן אן אלטע אידישע פרוי, פארדעכטיקט אין דער דעזערציע פון איר פאררעטערישער טאכטער לגבי דער סאוויעטישן רעזשים.

וויסנדיק, אז קריינדעלע-"כותרת" קען א פערפעקטן רוסיש, האט מען זי איינגעלאדן צו דינען אלס איבערזעצערין אין דער אויספארשונג פון פארוואונדעטן פליער. זי האט דערקענט איר פנים אויף דער פאטאגראפיע און זיך אבגעשטויסן, אז דאס איז ניט קיין אנדערער, ווי מאטוועי, וועמען זי האט אמאל געגעבן איר בילד. דער דאנק-בריוו פון דער העכערער מאכט האט אויך באשטעטיקט די ידיעה וועגן איר מוטער'ס טראגישן טויט און ווער דער ברוטאַלער מערדער איז געווען. זי האט גערן אנגענומען די פונקציע פון אן איבערזעצערין, אבער געבעטן צו בלייבן אליין פאר א קורצער צייט מיטן רוס. איר ביטע איז באַוויליקט געווארן. זי איז מיט אים פארבליבן אויג אויף אויג.

אזוי איז אין קנויל פון געשעענישן און דורך דער השגחה פון הימל געקומען דער צוזאמענטרעף פון מאטוועי און קריינדעלע אויפן באדן פון אידישן היימלאנד.

געוועו איז עס א צוזאמענקום פאר א דין וחשבון פון א פארשפילט לעבן, א געלעגנהייט פאר גערעכטער נקמה פון א געמיינעם יונג, וועלכער האט מיט ליגנעריש-היפאקריטי-שע הבטחות פארפירט אן אומשולדיק אידיש מיידל, א שארלא-טאן און דאן-זשואן, וועלכער דארף און מוז באצאלן דעם פרייז.

די"פליג"האט איצט געהאט דעם שאַנס פון רעוואנדש איבער דער גיפטיקער "שפין".

קאפיטל 30

דער דין - וחשבון

מאטוועי און קריינדעלע, וועלכע האט נאך אלץ, פאר אזעלכע ספעציפישע צוועקן אנגעהאלטן דעם קריסטליכן נא-מען"אלגא יעפימאוונא" זיינען געבליבן אליין.

"ווי הייסט איר?"- האט אים קריינדעלע-אלגא גע - פרעגט.

"איך הייס מאטוועי פיאדאראוויטש, און וואס איז אייער באמען?"- האט מאטוועי געוואלט דערגיין, ווער איז די פרוי, וועלכע וויל דווקא מיט אים האבן א פריוואטן געשפרעך.

"מען רופט מיך אלגא יעפימאוונא"-האט די איבערדע-צערין געענטפערט, און אויב עס אינטערעסירט אייך, בין איך פון סאוויעט-רוסלאנד געקומען אין ישראל זיך פאר-אייניקן מיט פאמיליע".

"אזוי גאר, טאווארישטש אלגא. איר זעט, אבער, גארניט אויס, ווי אן אידיש קינד, נאר ווי א ריינע, ראסיסטישע קריסטין. וואס דענקט איר וועגן ישראל?".

" -איך בין אנטוישט אין ישראל"-האט אלגא בכיוון גע-

ענטפערט, כדי צו באפרייַנדן מאטוועיַען און מעגליך באַ-
קומען פון אים סודות דורך באווייזן איר פאראכטונג צו
דער אידישער מדינה- ״אלץ איז מיר דא פרעמד.ווען מען
פארזוכט דעם טעם פון אונזער רוסיש פאטערלאנד,ווען מען
אטעמט די סאוויעטישע פרייהייט און געמיטליכקייט ,קען
מען זיך ניט צוגעוואוינען צו קיין אנדער לאנד,אפילו
צו ישראל, כאטש מען איז אן אידיש קינד פון געבורט״.

מאטוועי האט זיך געפילט געשמייכלט און דערמוטיקט
פון אלגאַ׳ס ווערטער.

״איצט,אז איר ווייסט,פארוואס איך געפין זיך אין
ישראל,מעג איך אייך פרעגן,וואס האט אייך געבראכט אהער?״
-האט אלגא געפארשט.

״איך האב וואלונטירט צו קעמפן אויפן אראבישן צד
קעגן ישראל,וועלכע האט פארכאפט אראבישע טעריטאריע,פאר
טריבן די פריערדיקע איינוואוינער און אונטערדריקט נאך
די יעניקע,וועלכע זיינען נאך פארבליבן אין איר רשות,
אין קלעם פון ברוטאלן אקופאנט״

״האט איר עפעס אן אנטיסעמיטישן פּאַראורטייל אדער האָס
קאמפלעקס קעגן אידן,וואס איר זייט קעגן זיי אזוי פאר-
ביסן?-האט אלגא ווייטער געפרעגט.

״גראד ניט; איך בין נאר קעגן דער אידישער מדינה,
וועלכע איז א ווילדער געוויקס,א קענסער,אין דער גאנ-
צער ארומיקער וועלט.אידן זיינען אומעטום געווען א מינ-
דערהייט,און דאך האבן זיי זיך גאנץ גוט אויסגעלעבט
צווישן די פעלקער פון דער וועלט.צו-וואָס אן אייגענע
מדינה?וואס פעלט זיי דען אין גלות?״-האט מאטוועי אר-

גומענטירט.

"זייט איר אמאל געקומען אין בארירונג מיט אידן?"- האט אלגא ווייטער געפרעגט.

"יא, איך האב אבער געהאט אן אידישע יוגנט-פריינדין. מיר האבן זיך צוזאמען אויפגעצויגן אין אונזער היימשטע-טעלע,צוזאמען שטודירט און זיך געהאלטן זייער נאנט"- האט מאטוועי געענטפערט אפאלאגעטיש.

"וואס האט מיט איר פאסירט?"- האט אלגא געוואלט דער-גיין-"איר קענט דאך אונזער געשלעכט.פרויען זיינען ניי-געריק און דערביי אויך אייפערזיכטיק"

"זי איז פארשוואונדן געווארן שפורלאז.איך בין געווען צו איר אזוי געטריי. סאוויעט-רוסלאנד האט פאר איר גע - עפנט פאר איר די טירן צו העכער בילדונג,אבער זי איז א-וועק און מען ווייסט ניט,וואו זי איז אהינגעקומען" - האט מאטוועי שעלמיש דערקלערט מיט דער ציניזשקייט פון א "חזיר-כשר-פיסל"...

ער האט זיך א ווײַלע פארטראכט און אלגא האט פארביסן די ליפן פון ווייטאג און איז אנטשטומט געווארן,כדי ניט ארויסצווייזן איר פארדרוס און פאראכטונג.

"טאווארישטש אלגא!-האט זיך מאטוועי אפגערופן-"איר זייט דאך אן אונזעריקע,פארוואס דינט איר ישראל?".

"איבערצייגונג איז מיין פראפעסיע.איך מאך פיין פר-נסה ,אבער איך באדויער,וואס איך דארף עס טאן קעגן מיין געוויסן. איך האס ישראל"- האט אלגא געענטפערט.

"איך שטעל מיך פאר,אז איר וואלט וועלן צוריק קו-מען אין רוסלאנד"-האט מאטוועי זיך אפגערופן-"איך קען אייך העלפן, אויב איר וועט מיר העלפן.איך האב גרויסע

פארבינדונגען אין סאוויעטישן רעזשים,העלפט מיר זיך רייבוואשן און באפרייען פון שולד און איך וועל אייך נעמען צוריק אין "מאטושקא ראסייא" און אייך דארט גוט איינארדענען. איר זייט דאך אן איבערזעצערין;קענט איר מיר טאן א טובה און איבערזעצן מיינע ווערטער מילד און צום גונסטן"-האט מאטוועי פרובירט אונטערקויפן אלגאין.

אלגא איז שאָקירט געווארן פון דער חוצפה.זי האט אבער באהערשט און געענטפערט:

"איך וועל טראכטן וועגן אייער פארשלאג.דערווייל בין איך זייער דערשעפט. מיר וועלן מארגן פארזעצן דעם שמועס"

מאטוועי האט עס אנגענומען פאר א צושטימונג און האט פרייער אפגעאטעמט.

אוונט-צייט האט אלגא אפגעשווענקט אירע האר מיט א שארפער כעמישער פליסיקייט און די פארב פון אירע האר האט זיך געענדערט פון בלאנד אויף שווארץ.עס האט זיך צו איר אומגעקערט דער קאליר און חן פון אמאליקער ברו-נעטער קריינדעלע,דער שטעטלשער "קראסאוויצע".

זי איז צוריק געקומען צו איר ערשטן גלגול,אבער שוין ניט אין דער אנטיסעמיטישער רוסלאנד, נאר אין איי-גענעם, היימישן ישראל.

קריינדעלע-"כותרת" האט דערקלערט דעם ישראלדיקן ארמיי-שטאב,אז זי מוז נאך איין מאל זען דעם רוסישן פליער. זי האט אויך געזאגט,אז דאס מאל האט זי געמוזט איבערפארבן די האר אין דעם אינטערעס פון דער אויס - פארשונג. זי האט באקומען די נויטיקע דערלויבעניש.

ווען זי האט זיך טאקע צומארגנס ווידער באגעגנט

מיטן רוסישן פליער, איז מאטוועי צעמישט געווארן פון איבערראשונג. ער האט ניט געגלויבט, צי איז עס חלום אדער וואר. פאר אים איז איצט געשטאנען קאטיושא, ווי די וואלט אויפגעוואכט תחיית המתים.

"קאטיושא, דאס ביסטו? און איך האב געמיינט, אז דו בינסט שוין לאנג טויט. ווי קומסטו אהער?"

"יא, דאס בין איך, ניט טויט, נאר לעבעדיק, און - מיר וועלן אייך אלעמען איבערלעבן, דיך, די רוסן, די אראבער. מיר זיינען אן אייביק פאלק, פארעקשנט - צו בלייבן לעבן"

"אבער נעכטן ביסטו דאך געווען "אלגא", גאר אַן אנדערע. האסט מיך אפגענארט. ווי טיף און געמיין דו ביסט געפאלן"

"איך בין געמיין? מיר פריידיקסטו דו מאראל?‏ לומפ, שארלאטאן, אנטיסעמיט, פארפירער מיינער און מיין מו-טער׳ס מערדער! דערקענסט די פאטאגראפיע פון דיין קאטיושאן, דעם דאנק-בריוו פאר פארפייניקן מיין מו-טער צום טויט. אט שטייט פאר דיר דער אריגינאל, די

"פראקלאטאיא זשידאווקא", וועמען דו האסט ארויסגע - ווארפן פון הויז און דערפירט צו פארשיקונג אין א משוגעים-הויז. איך וועל פון דיר איצט נעמען א דין-וחשבון. מיין ניט, אז אידיש בלוט איז הפקר. איך האב נאר אנגעהויבן און אונזער מיליטערישער טריבו-נאל וועט שוין ארויסטראגן דעם גערעכטן משפט, פאר מיר, פאר מיין פאלק און לאנד".

מאטוועי איז פארבלייכט געווארן פון זארג און שרעק און איבער דעם פארפירערישן שייגעץ האט זיך

שלאבק געטורעמט די הויכע פיגור פון קריינדעלע, קאטיושא, אלגא און כותרת, אין דעם קאשמארפולן געווירבל פון אירע טראגישע גלגולים, ווי די פראפעטישע געשטאלט פון א גע-לייטזעליקטער דבורה הנביאה, אן אסתר המלכה, א יהודית, וועלכע האבן פארשריבן גאלדענע קאפיטלען אין דער אידי-שער געשיכטע אין קאמף קעגן שונא און אין שוץ פון אונ-זער שטאַם, יחוס, פאלק און לאנד.

## קאפיטל 31

### דער יום-הדין ביים מיליטערישן טריבונאל

מאטוועי איז צוגעשטעלט געווארן צום מיליטערישן טריבו-נאל, וועלכער האט אויף אים געדארפט ארויסגעבן אן אורטייל.

א טיף-געבויגענער, איינגעהויקערטער און פחדניש דערשרא-קענער, אויף וועמען די הויט האט געציטערט, איז דער שייגעץ געשטאנען פאר ישראל'ס מיליטערישן ריכטער צו באקומען און אויסהערן דעם פסק-דין. ער האט זיך געטרייסלט, ווי אין קאנ-ווולסיעס און די צונג האט זיך אים געפלאנטערט.

קריינדעלע-כותרת האט געדינט אלס איבערזעצערין.

"האט איר עפעס צו זאגן אין אייער פארטיידיקונג? זייט וויסן, אז לויט די צוגעשטעלטע אינפארמאציעס און דאקומענ-טארע באווייזן באטראכט אייך דער טריבונאל אלס קרימינעלן פארברעכער, וועלכער איז אהער געקומען מיטן אויסדריקליכן באגער און צוועק צו שטעלן אין געפאר אונזער פאלק און אונזער מדינה" - האט דער ריכטער אים שטרענג אדרעסירט.

מאטוועי איז געווארן ווייס, ווי קאלך און האט געשטא-מלט:

"איך בין אומשולדיק. איך האב בלויז אויסגעפירט די-

רעקטיוון פון מייבע באפעלער. אין סאוויעטישן סיסטעם שטעלט מען זיך ניט אנטקעגן די באשלוסן פון העכערע ארגאנען, נאר מען פירט זיי אויס פינקטליך, ווי א גע-הארכזאמער דיסציפלינירטער סאלדאט. אויב מען פרובירט האנדלען אנדערש, שטעלט מען-איין דאס אייגענע לעבן אין קאן".

"אבסורד, אייכמאנ'ס טענות. איר האט געהאט, ווי עס ווייזט אויס, א גוטן רבין, און איר זייט געווען א פלייסיקער שילער" -האט זיך געביידזערט דער ריכטער-זאגט מיר נאר, ווי איז אייער באציונג צו אידן און צו מדינת ישראל?".

"איך בין אין סימפאטיע מיט אייך און מיט אייער פרייהייטס-דראנג" - האט מאטוועי חניפה'דיק און אונ-טערטעניק געענטפערט - איר זייט א גרויס און מוטיק פאלק. איך האב זיך שטענדיק פארטראגן פריינדליך מיט אידן". דער שייגעץ האט פרובירט צו געפינען חן און גענאד ביים טריבונאל מיט זיינע לאקריץ-זיסע רייד.

" חבר פארזיצער, מעג איך נעמען א ווארט אין אט דעם ענין?" -האט קריינדעלע פראוואקאטאריש געפרעגט.

"יא, חברה כותרת. איר האט דאך מיטן באשולדיקטן געהאט א פריוואטן שמועס און האט זיכער עפעס וויכ-טיקס צו זאגן"

"חשובע חברים פון טריבונאל" - האט קריינדעלע זיך אפגערופן-גלויבט מיט דעם באשולדיקטן. ער זאגט ליגן. ער חנפה'ט זיך, כדי צו ראטעווען זיין טריפה'-נע הויט. איך בין א לעבעדיקער עדות און גלייכ -

צייטיק דער קרבן פון זיין גרויזאמקייט און פארביסע בעם אידן-האַס. ער האט מיך פארפירט מיט ליגנערישע רייד, אויסגעבארט און ארויסגעטריבן פון הויז מיטן פארוואורף"פראקלאטאיא זשידאווקאי"- פארפלוכטע אידישקע. ער האט מיין אלטע, שוואכע, קראנקע מוטער צום טויט פארפייניקט. ער האט פיינט אידן, אבער שיינע אידישע מיידלאך זיינען ביי אים און אלע גויים א גאנגבארע סחורה צום אויסנוץ און אויסשפיי. ער איז אן אויסגעשפראכענער אנטיסעמיט און דארף באקומען די הארבסטע שטראף"

קריינדעלעס רייד האבן אויפן טריבונאל געמאכט א געוואלדיק דערשיטערדיקן איינדרוק.

מאטוועי איז געווארן נאך בלייכער, ווי א דונער וואלט אים געטראפן. ער האט זיך אינגאנצן פארלארן. די מאיעסטעטישע רייד פון "זיין קאטיושאן" האבן אים צעטומלט.

"וואס האט דערויף צו ענטפערן דער באשולדיקטער?"- האט דער ריכטער געפרעגט.

"איך בין דאן געווען שיכור. איך באדויער און וויל זיך עפנטלעך אנטשולדיקן."

"וואס ביי א ניכטערן אויפן לונג, איז ביי א שיכורן אויפן צונג"- האט דער ריכטער סארקאסטיש באמערקט-דאס ווארט באקומט דער פראקוראר."

דער פראקוראר האט גענומען דאס ווארט אין דעם היסטארישן "עמיל זאָלא"-סטיל: "איך באשולדיקן".

"חברים פון טריבונאל- האט דער פראקוראר פאטעטיש אויסגערופן- עס שטייט דא פאר אונז א פארביסענער שונא-ישראל, וועלכער האט געטאן די מעשה-נבלה פון א טיגער און פארהאלט זיך איצט מיט דער אומשולדיקער מינע פון א

לעמעלע. ער האט פארפירט אן אידיש קינד,אומגעבראכט אן אידישע מוטער,זיך פארמאסטן קעגן אונזער פאלק און גע-וואלט שעדיקן אונזער לאנד. ער איז שולדיק אין אט די אלע סקאנדאלן,וואס מען ווארפט אים פאר.

"שופך דם האדם באדם דמו ישפך" - עס איז א דין,אז א בלוט-פארגיסער מוז פאר זיינע זינד באצאלן מיט זיין אייגן בלוט. אט דער נעבעכדיק-אונטערטעניקער שייגעץ האט אידיש בלוט אויף זיינע הענט.

"וואס מיינען זיי,די גוים,"לית דין ולית דיין", נישטא קיין געזעץ און נישטא קיין ריכטער; אידיש בלוט איז הפקר.מיר וועלן זיי ווייזן, אז אויך מיר זיינען בכח און האבן דעם מוט צו מאנען און אויפ-מאנען גערעכטיקייט.נקמה איז ניט קיין אידישע מידה, אבער צייטנווייז איז עס ניט נאר א מאסנאם,נאר - אויך א מצווה."מחה תמחה את זכר עמלק",אפמעקן עמלקן איז א געבאט פון דער תורה.מיט אים קען מען קיין דזשענטעלמאן ניט זיין; מען מוז אים פארניכטן.

"הבא להרגך השכם והרגו" - ווער עס קומט דיך מארדן,שטעל זיך דו קעגן פריער און הרג'ע אים - אט דער ברוטאלער גוי האט זיך אויף אונז פארנו-מען,כאטש ער מאכט איצט א פרומען פנים און אנשטעל. מוזן מיר אים אפראמען פון וועג,איידער ער טוט עס צו אונז.בלוט פאר בלוט-נקום נקמת דם עבדיך השפכו!

"איך פארלאנג דעריבער טויט-שטראף פאר אט דעם אומ-פארשעמטן פארברעכער,וועלכער האט אויסגענוצט אידישע נאיוויטעט,זיך ארומגעוויקלט,ווי א שלאנג ארום אן אידיש קינד,זיך פארמאסטן צו פארטיליקן אונזער פאלק.

קריינדלע האט דעם פראקוראר׳ס רעדע איבערזעצטווארט ווארט ביי ווארט - אין רוסיש.

מאטוועי האט אנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן, ווי א שווארצער נעפל וואלט זיי פארדעקט.

דער טריבונאל איז ארויס אויף א בעראטונג.

מאטוועי האט געווארפן בייזע בליקן אויף קאטיו-שאן, וועלכע האט דערויף רעאגירט מיטן אן אויסדרוק פון עקל און האט איבלדיק אויסגעשפיגן.

דער טריבונאל האט זיך צוריקגעקערט און שארף גע-מאלדן דעם אורטייל:

"ט ו י ט ו"

מאטוועי האט זיך א וואַקל געטאן, געפאלן אויף די קני, געבעטן רחמים, אבער דער טריבונאל האט אים איג-נאָרירט.

"חברים פון טריבונאל" - האט זיך אנגערופן קריינדע לע - כותרת - ביי אידן גילט דער דין, אז "יַד הָעֵדִים תִּהְיֶה בוֹ בָרִאשֹׁנָה" - די עדות אליין פירן - אויס דעם אורטייל. איך וויל בעטן די פריווילעגיע, אלס עדות און אלס קרבן, אויסצופירן איבערן באשולדיקטן דעם פסק-דין".

"איינשטימיק" - האט דער פארזיצער דערקלערט. זיי דו דער "גוֹאֵל הַדָּם", דער עקזעקוטאר פארן בלוט, וואס דער פארברעכער האט פארגאסן".

אזוי האט דער גורל צוגעשפילט, אז קריינדלע זאל קענען זיך נוקם זיין אין איר פארפירער. די באפרייטע פליג האט באקומען שליטה איבער דער גיפטיקער שפין.

## קאפיטל 32

## "הכל שוחטין"

ווען קריינדעלע און מאטוועי זיינען געבליבן אויף פיר אויגן, האט ער איר פארגעווארפן, פארוואס זי איז אזוי ברו-טאל צו אים.

"ווי קענסטו זיין אזוי גרויזאם צו מיר?-האט מאטוועי געצארנט.

"לאז עס איבער צו מיר, מאטוועי! ווייסט דאך, אז איך האב א גוטן אידישן קאפ אויף די פלייצעס. איך פיר א חשבון און האב עס געטאן פאר דיין טובה. עס איז בעסער, ווען דו דו בינסט ביי מיר אין די הענט, איידער ביי זיי. איך וועל שוין צוטראכטן אן עצה"-האט קריינדעלע געזאגט מיט א שעל-מישן וואונק.

ווי א טריינקענדיקער, וואס כאפט זיך אין א שטרוי, אזוי האט מאטוועי געהאט צוטרוי צו קאטיושאיס מילדע ווער-טער. אפשר האט זי טאקע צוגעטראכט א שפיצל אים צו ראטעווען עפנטלעך האט זי געמוזט ריידן שטרענג, אבער אינערלעך איז זי אים אפשר מוחל. מעגליך, אז אמאליקע ליבע שטייגט ארי-בער איצטיקן האס.

"ניט פארצווייפלען מאטוועי! -האט קריינדעלע אים צוגע-געבן קוראזש- איך האף, אז אלץ וועט זיך ענדיקן גלאט. לא-מיר זיך לאזן וואוילגיין, ווי אמאל, אין די גוטע צייטן. איך וועל דיר סערווירן א געשמאקן מאלצייט".

"פאזשאלוסטא, ביטע שיין, פארוואס ניט. לאמיר וואגן אלץ פארגעסן. ראטעווע מיך, און עס וועט נאך אלץ זיין גוט"-האט מאטוועי צוגעשמייכלט.

"איך ווייס,אז דו האסט ליב שארפע שפייז,ספעציעל מילכיקס;דערצו איך א גוט גלעזעלע וויין" -האט קריינדע-לע קאקיעטירט.

"טאַק טאָטשנאָ, קאָניעטשנאָ, געדענקסט נאך מיין גע-שמאק" - האט מאטוועי באמערקט - טאקע אזוי. דאַוואַי פּאָזשיט, לאָמיר א לעב טאָן!" -האט מאטוועי צוגעשטימט.

קריינדעלע האט סערווירט שארף-געווירצטן קעז,הייס מילך און אלטן, פארשיכורנדיקן וויין.מאטוועי האט זיך אנגעזויפט,אנגעטרונקען און איז געווארן שלעפעריק.

מאטוועי איז געווען אומבאוואפנט, אבער קריינדעלע האט געהאט פארשטעקט הינטער איר פארטוך א שארף מעסער.

אין קריינדעלע'ס מח האט דורכגעבליצט דער היסטארי-שער עפיזאד פון "יהודית און העליפארנוס". אויך יהודית האט איר שונא אנגעטרונקען מיט וויין,אלס משקה נאך דעם שאר-פן דורשט-וועקנדיקן קעז, אים פארשלעפערט און דאן -אראפ געהאקט זיין קאפ.

זי האט זיך אויך דערמאנט וועגן דער בראוועד יָעֵל,די פרוי פון חבר הקיני,וועלכע האט דעם פעלדמארשאל,סִיסְרָא, אנגעטרונקען מיט מילך און פארשלעפערט און דאן געשפאלטן זיין קאפ מיטן טשוואק פון איר געצעלט.

פארוואס זאל זי עס נישט טאָן? זי איז דאך א שוחט'ס טאכטער און האט געזען,ווי דער טאטע האט געקוילעט.

קריינדעלע האט זיך אויך דערמאנט,אז זי האט געהערט פון טאטנ'ס מויל:

"הַכל שוחטִין"

-אלע מעגן שעכטן. דאס מיינט, אז אויך זי האט "קַבָּלָה" אויף שחיטה. אויך איר שחיטה וועט זיין כשר...

אין קרייַנדעלען האט אויפגעפראלט א קוואל פון מוט. זי וועט גייַן אין די פוסטריט פון אירע העלדישע פאר-געוגעריִנס.

אירע ליפן האבן געפליסטערט א תפילה:

"רבונו של עולם, גאט פון אברהם, יצחק און יעקב, אמת, דו ביסט א "רחום וְחַנון, א בארעמהערציקער, אבער אויך א "קַנָא וְנוֹקֵם", א גאט פון נקמה. גיב דייַן פארפירטער טאכ-טער דאס זעלבע רעכט און זכות. שטארק מייַן האנט אין אָט דעם גורלדיקן מאמענט. זאל דער שונא פון דייַן פאלק פאלן פון מייַן האנט. זייַ מיר מזכה מיט דער גרויסער מצווה."

שטארק אנגעשיכורט איז מאטוועי אריינגעפאלן אין א טיפן דרימל.

"שְמַע יִשְרָאֵל! איך טו עס אויף קידוש השם. העלף מיר, באשעפער פון דער וועלט!" - האבן אירע ליפן געציטערט.

מיט א שטייפער האנט האט זי א פיר געטאן דעם שארפן מעסער איבער מאטוועיס האלז. ער האט א כאָרכל געטאן און איז געפאלן בייַ איר צופוסנס אין א קאלוזשע בלוט.

"כֵן יאבֵדו כָל הָרְשָעִים!" - האט קרייַנדעלע ארויסגע-פליסטערט, האלטנדיק דעם מעסער, פון וועלכן עס האט גע-טריפט איר שונאיס טריף בלוט. - אלע רשעים זאלן האבן אזא ווידסטן סוף!"

דאס איז געווען דער לעצטער אקט פון דער קרייַנדע-לע-מאטוועי דראמע, וועלכע האט זיך אנגעהויבן אין ווייס רוסישן קלייַנשטעטל און זיך טראגיש פארענדיקט אויף רמת הגולן, אויפן באדן פון אונזער אויפגעריכט היימלאנד.

גערעכטיקייט האט געזיגט.

## קאפיטל 33
## די תליות אין באגדאד

ווען דער זיג-זאג פון גורל האט אויסגעפלאנטערט קריינדעלען און מאטוועי'ען פון דעם איראבישן קוויל אויף א העכסט-אויסטערלישן און טראגישן אופן, האבן זיך אויך- אויף אן איבערראשנדן וועג- אנטוויקלט די געשעענישן מיט דעם איראקישן סטודענט,אבדול אכמעד. אגב, האט ער זיך אויסטרעבירט אין רוסלאנד אין פלי-קונסט און געקענט אנפירן מיט אן עראפלאן.

איראק האט זיך דערנעבנטערט צו סיריע,שליסנדיק מיט איר א מיליטערישע אליאנץ קעגן ישראל. די אי-ראקישע מאכט האט דורכגעפירט א מאבילינזאציע און זי האט אויפגעפאדערט אירע בירגער אין אויסלאנד זיך צושטעלן צו מיליטער-דינסט. אויך אבדול האט באקו-מען אזא באפעל.

אין דער צווישנצייט האט זיך אין איראק געביטן די מאכט. צום רודער פון לאנד איז געקומען אן עקס-טרעמיסטישע מיליטערישע קליקע,וועלכע האט זיך אויס-געצייכנט מיט איר אידן-האס.

עס האבן זיך אנגעהויבן רדיפות אויף אידן, אז זיי זיינען ניט לאיאל און זיי שפיאנירן לטובת דער אידישער מדינה און אז זיי זיינען שונאים און פאר-רעטער פון לאנד.

פון יענער עפאכע איז פארבליבן דער טרויעריק-בארימטער קאפיטל פון אידישער מארטיראלאגיע: די

תליות אין באגדאד. די נייע מאכט-ארגאנען האבן ארויסגע-געבן שטרענגע גזירות אויף די איראקישע אידן. זיי האבן אויפגעזוכט אין די ארכיוון געבורט-איינפארמאציעס וועגן אידישן אפשטאם פון אזעלכע אידן, וועלכע זיינען שוין צענדליקער יארן געווען איינגעוואָרצלט און איינגעבירגערט אין לאנד.

צווישן די ״אנטדעקטע״ אידן זיינען אויך געווען אב-דול יס עלטערן, וועלכע האבן געשטאמט פון די שפאנישע „אנו-סים-מאַראַנאָס" און געוואוינט אויף דעם „מאַיאָרקא" אינזל. מען האט זיי באשולדיקט אין קאנספיראציע קעגן איראק און פארמשפט צום טויט דורך עפנטליכער תלייה אויפן מארק-פלאץ פון באגדאד.

א שוידערליכן קאשמאר האבן מיט זיך פארגעשטעלט די תליות אין באגדאד. דאס איז געווען אן עפנטליכער ספעק-טאקל פון אומשולדיק-פארגאסן אידיש בלוט. פארמשפט אויף דעם סמך פון פאלשע עדות, זיינען די אומגליקליכע קרבנות געשמידטע אין קייטן, געשלעפט געווארן איבער די גאסן פון באגדאד צום מארק-פלאץ, וואו מען האט אויף זיי אויסגע-פירט די רוצחישע עקזעקוציע ביים אנבליק פון א יובלי-דיקן המון.

מיט ״שמע ישראל״ און ״אני מאמין״ אויף די ליפן האבן די פאראורטיילטע איראקישע אידן אויסגעהויכט זייערע הייליקע, אויסגעלייטערטע נשמות. די גסיסה-ווייען האבן זיך אויסגעמישט מיטן הילכיקן געלעכטער פון דעם צע-ווילדעוועטן המון. עס האט דערמאנט אין דער ברוטאליטעט פון די אמאליקע רוימישע הענקער, וועלכע האבן זיך געלאזט וואוילגיין מיט די לעבנס פון די אונטערייאכטע שקלאפן

אין די צירקן, אנקוקנדיק דעם אומקום פון זייערע קרבנות די אומגליקליכע גלאדיאטארן אין קאמף מיט צעיושעטע אקסן.

אזוי איז אוועק אויף קידוש-השם א מחנה איראקישע אי-דן, וועמעס קערפערס זיינען אראפגעהאנגען הפקר'דיק פון די תליות און וועמעס הייליקע נשמות האבן אוועק-געפלא-טערט אין די הויכע הימלען און זיך פאראייניקט מיט די מיליאנען קדושים וטהורים פון אלע צייטן און אלע דורות.

## קאפיטל 34

## דער בעל - תשובה

ווען אבדול אכמעד איז צוריקגעקומען אין איראק, האט מען אים איבערגעגעבן די איוב-בשורה, אז זיינע עלטערן זיינען אויך געווען צווישן די תלייה-אידן.

ער איז געווארן שרעקליך איבעראשט און דערביי ביטער אנטוישט. ערשטנס, איז פאר אים אויפגעדעקט גע - ווארן דאס גרויס געהיימניש, אז ער שטאמט פון אידן ; צווייטנס, האט ער זיך אנטוישט אין דער באציונג פון די איראקער תליונים צו זיינע עלטערן, וועלכע זיינען געווען לאיאלע בירגער און איראקישע פאטריאטן און גע פאלן א קרבן פון א העסליכן אנטי-אידישן בלבול. גראד האבן אויך זיינע עלטערן געהאט גרויסע פארדינסטן - פאר איראק און איר זעלבסטשטענדיקייט.

דער צער און ווייטאג זיינען געוואקסן אין אב - דולן און ער האט באשלאסן נאכצופארשן די געשיכטע, די גענעאלאגישע אורשפרונגען פון זיין משפחה. עס איז גע לונגען אבדולין זיך דערגרונטעווען צו די ארכיוון , ווי אויך צו געפינען שפורן צום ספר-היחוס פון זיין פאמיליע.

צו אבדול'ס גרויס שטוינונג האט זיך ארויסגעוויזן, אז זיינע אורעלטערן האבן געהערט צו די שפאנישע מאראנען, אנוסים פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, וועלכע האבן זיך געשמדיט נאר לפנים-וועגן, אונטער דעם דרוק פון דער קירכע, אבער אין געהיים האבן זיי שטרענג אפגעהיט תורה ומצוות, איינשטעלנדיק דעם לעבן אין קאן. פון שפאניען האבן זיי זיך, צוליב די רדיפות אויף די מאראנען, אריבערגעצויגן אויף דעם מאיארקע-אינזל אין מיטל-לענדישן ים, צווישן שפאניע און אפריקע, נאנט צו פארטוגאל. דארט איז געגרינדעט געווארן א ספעציעלע קהילה פון די מאראנען, מיט א שול, און די אידן האבן אפגעהיט זייער רעליגיע. זיין משפחה זיינען געווען פון די מיוחסים אין דער קהילה.

אין פארלויף פון יארן האבן זיך אבדול'ס עלטערן אריבערגעצויגן פון מאיארקע-אינזל צו איראק. ער, גופא, איז געווען אן אידיש קינד, כדת וכדין, געמליט, און באקומען דעם אידישן נאמען: אברהם. צוליב זייער אנגעזעענעם פארנעם אין דער מוזולמענישׁ-אראבישער וועלט, האט מען זיין נאמען געביטן אויף: אבדול אכמעד. ער האט פון דעם אלעם ניט געוואוסט און זיך באטראכט אלס פול-בלוטיקער אראבער, אבער ער איז געווען פריינדליך צו אידן און ישראל און טערבאוואוסטזיניק, ניט האבנדיק קיין באגריף וועגן דעם סוד, וואס ער האט מיט זיך געטראגן.

אבדול - אברהם האט געטרויערט נאכן טראגישן אומקום פון זיינע עלטערן. ער האט איצט באנומען, פארוואס זיינע עלטערן זיינען געווען אזוי ליבעראל צו אידן און אין הויז האט געהערשט א פרא-ישראלדיקע אטמאספער.

אבדול האט באשלאסן צו דערנענטערן זיך צו אידן, צו זיין אורשטאם, צו די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב און צו ווערן א בעל-תשובה. ער האט אויך באשלאסן צו דערגרייכן די ברעגן פון מדינת ישראל און צו העלפן זיי-נע ניי-אנטדעקטע, שווער-געפלאגטע ברידער אין זייער פארביטערטן קאמף פאר גלויבן און פרייהייט, פאר"דאס פינ-טעלע איד", פאר פאלק און לאנד.

ווי אזוי, אבער, פירט מען אויס דעם געוואגטן פלאן? ווי אזוי העלפט מען די ברידער קעמפן קעגן דעם געמיינ-זאמען שונא? אט די פראגע האט געעגבערט זיין מח.

ביז... ער איז געפאלן אויף א המצאה. פארט, אן אידי-שער קאפ. ער וועט שוין ווייזן די איראקישע הענקער, וואס אן איראקער איד קען טאן, ווען דער פונק פון אידישע טא-טע-מאמע, באבע און זיידע, העלדן און מארטירער פון שפא-נישע עשאפאט, טליעט-אויף אין זיין פארוואונדעט און פאר-ווייטאגט הארץ.

## קאפיטל 35
## די געוואגטע פלי-אוואנטורע

ווי שוין דערמאנט, איז אבדול געווען א געניטער פלי-ער. אין דער איראקישער לופט-ארמיי האט מען אים ניט גע-וואלט אויפנעמען אויס פארדאכט, אז -אלס זון פון אידישן פאלק- וועט ער פארראטן זיין איראקיש פאטערלאנד. עס איז אבער א מאנגל אין פליער און אבדול האט געניצט אן אויס-געקליגלטן שפיצל: ער האט פאזירט פאר דער מאכט, אלס שונא ישראל, געווארפן פעך און שוועבל אויף מדינת ישראל, און זיך אנגעבאטן אלס פאטריאט-פליער. ער האט אפילו פארדאמט זיינע עלטערן, כדי צו שאפן דעם איינדרוק, אז ער שעמט



אבדול מאכט א געצוואונגענע לאנדונג אין
רמת - הגולן.

זיך מיט זיי אלס פאררעטער. ער האט געמוזט שפילן די ראל פון א פוקס, כאטש זיין הארץ האט געברויזט מיט נקמה.

מען האט אים אנגעטרויט אן עראפלאן, געגעבן א מאפע פון אידישע פאזיציעס אין רמת-הגולן און באפוילן צו ווארפן באמבעס אויף אידישע ישובים אין ראיאן. אבדול האט צוגעשטימט.

איבער די הימלען פון רמת-הגולן האט זיך געוויזן אן איראקישער עראפלאן. אידישע פאטרולן האבן אים באַשאסן און פארוואונדעט דעם פליער. טראץ דעם פלייצנדיקן שטראם פון בלוט, האט דער מיסטעריעזער פליער באוויזן צו מאכן אן אויסנאמס-לאנדונג. ער האט נאך באַוויזן צו זאגן אויף אראביש "ברידער, ישראליםו" און איבערגעבן דעם עראפלאן.. דאן האט ער פארלארן דעם באַוואוסטזיין.

מען האט זיך געגוריטיקט אין דעם זעלבן טיפ״בלוט צו מאכן א טראנספוזיע און ראטעווען דעם פליער, וועלכער האט איבערגעגעבן דעם עראפלאן און פאראינטריגירט דעם ישראל-פאטרול.

די איינציקע, וועלכע האט פארמאָגט דעם זעלבן סאָרט בלוט, איז געווען קריינדעלע-כותרת. זי האט וואלונטירט צו געבן בלוט, כדי צו ראטעווען א מענטשליך לעבן. אפשר האט זי דערמיט געמיינט אויסצוקויפן די "זינד", וואס זי האט אוועקגענומען א מענטשליך לעבן.

ווען דער פליער איז געקומען אין שפיטאל צום באַוואוסטזיין, וואו קריינדעלע האט אמטירט אלס קראנקן-שוועסטער, האבן זיי זיך ביידע באגעגנט. ווי גרויס איז געווען איר איבעראשונג, ווען זיי האבן זיך ביידע דערקענט: קאטיושא אסיפאווגא און אבדול-אכמעד, פריינט פון שטודיום אין די מאסקווער הויכשולן.

דער קאפריז פון גורל האט צוזאמענגעבראכט אין רמת-הגולן די ביידע אוניווערזיטעטס-סטודענטן. ווי פארהוילן, זיג-זאגיק זענען די וועגן פון שיקזאל...

## קאפיטל 36

## די אויסטערלישע אנטפלעקונג

באלד נאכדעם, ווי אבדול-אברהם האט צוריק באקומען זיין באוואוסטזיין, איז קריינדעלע, וועלכע האט דאך אויך געקענט גוט אראביש, אנפארטרויט געווארן מיט דער מיסיע אויסצופארשן אבדול׳ן און אויסגעפינען - איינצלהייטן וועגן זיין מיסטעריעזן פלי און לאנד - ונג אויף דער ישראל-טעריטאריע און וועגן זיינע ריכ- טיקע כוונות.

"אבדול, ווי קומט איר אהער? - האט קריינדעלע נייגעריק געפרעגט.

"און איר, קאטיושא, ווי קומט איר אהער?" וואס טוט איר דא? - האט אבדול געענטפערט, מעשה אידישער מנהג, מיט א פראגע אויף א פראגע.

"איך בין א קראנקן-שוועסטער אין היגן מיליטע- רישן שפיטאל און העלף ארויס מיינע חברים, פאלק און לאנד אין קאמף פאר קיום. איר זייט געווען פארוואונ- דעט, געמאכט א צוואנגס-לאנדונג און אונז איבערגע- געבן דעם עראפלאן. דערנאך האט איר פארלארן דעם בא - וואוסטזיין. איך האב געגעבן בלוט פאר אייך, און דורך דער טראנספוזיע געראטעוועט אייער לעבן.

"איך דאנק אייך זייער, אבער איך וויל אייך צו- געבן נאך א זכות. איר האט געראטעוועט ניט נאר א מענטש, נאר אויך אַנאַ י ד".

"איר, אַ א י ד? וואס רעדט איר, ווי אזוי, און וואס טוט איר דא? - איז קריינדעלע-כותרת ארויס פון התפעלות. -

״אגב, רופט מיך ניט מער קאטיושא, נאר כ ו ת ר ת. דאס איז מיין איצטיקער נאמען. קאטיושא׳ס ראל האט זיך געענדיקט. דאס איז געווען א פינסטערער קאשמאר פון אסימילאציע און אנטוישונג. איך בין א פולבלוטיק, געטריי, נאציאנאל אידיש קינד דא, ביי מיר אין מיין היים, אין מיין לאנד״.

״און מיך רופט ניט אבדול נאר א ב ר ה ם. איך בין אויך אן אידיש קינד, א בעל תשובה״ - האט אבדול באמערקט.

״וואס איז געווען, ווי אזוי האט דאס פאסירט. פון אן אראבער געווארן אן אידי״?

״זינט ווען? האט איר זיך באקערט צום אידנטום?״ - האט כותרת ניט געקענט פארשטיין.

״ניין, כותרת, איך בין אן איד פון סאמע געבורט. איך האב געפונען די שפורן פון מיין אפשטאם. איך בין א זון און אייניקל פון די אמאליקע שפאנישע מאראנען, די אמאליקע אנוסים, און ״דאס פינטעלע איד״ האט אין מיך דער וואכט, זינט מיינע עלטערן אין איראק האבן, אלס אידן, דורך א שרעקליכן בלבול, אויסגעהויכט זייערע הייליקע נשמות אויף די באגדאדער תליות. איך בין אן אידישער יתום פון מאראנען - מארטירער.

״אזוי אויסטערלישן״ - האט כותרת אויסגערופן, געפלעפט פון איבעראשונג.

״יא, כותרת, עס גלויבט זיך קוים, אבער דאס איז דער ביטערער אמת.. דער פלאם פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, דער גסיסה׳דיקער ״שמע ישראל״ אויף די באגדאדער תליות, דער חורבן פון אייראפעישן אידנטום אונטער היטלערן, די ״אַבלאוועס״ אויף אידן אין מאסקווע -

אט דאס איז אונדזער "גוואלד פון דורות". טארקוועמאדע, דער מופטי, היטלער, סטאלין, די אראבישע פירער, שייכן און נאפט-מאגנאטן, די צארן און די כמיעלניצקיס, דער "הייליקער פאטערל", די עקידות אמאל אונטערן קרייץ, אמאל אונטער דער "האלבער לבנה", אמאל אונטער דער "סוואסטיקא", אמאל אונטערן "סיערפ און האמער" - אלץ איין פראצעס פון שנאת ישראל אין אנדערע שליירן. אברהם, דער ערשטער איד, און א ב ר ה ם, דער איראקער יתום, ווייסן שוין וואס קאלכאויוונס מיינען, וואס תליות באדייטן" - האט אבדול טרויעריק באמערקט. "פאראן באר איין ווינקל פאר אונדז אונטער דער זון, וואו מיר זיי-בען גלייך, פריי, גליקליך און דאס איז מדינת ישראל."

כותרת איז געווען פארגאפט און האט געשלונגען יעדעס ווארט.

"אויך איך בין צוריקגעקומען א ה י י ם פון דער פרעמדער, קאלטער, ניט-אידישער "פרעמד, געקומען צו מיין פאלק און לאנד, דעזערטירט פון ברוטאלן איראקער שונא און וויל דא פארבלייבן און העלפן מיין פאלק און לאנד אין הייליקן קאמף" - האט אבדול-אברהם פארגעזעצט מיט א שימער אין די אויגן.

"איר מיינט עס ערנסט, אברהם?" - האט כותרת גע-פארשט.

"איך שווער אייך ביי מיין לעבן" - האט אברהם געענטפערט.

"כותרת האט ווארעם געדריקט זיין האנט.

"ערלויבט מיר אייך אויסצוזאגן נאך א סוד" - האט אברהם געפליסטערט.

"וואס אזוינס?" - איז שוין כותרת געווארן ניי-

גערים.

"איך האב אייך ליב, שטארק ליב"און די ליפן האבן אים געציטערט" איך וויל מיט אייך פארבינדן מיין לעבן.

דאס איז געווען מיין שטענדיקער טרוים. אבער איר האט דאך עפעס אין מאסקווע געהאט א פריינט פון אייער שטעטל"

"דערמאנט דאס מיר ניט, אברהם! ער לעבט שוין מער ניט. דאס איז געווען מיין אומגליק, מיין קאשמאר. ער האט באקומען זיין רעכט-פארדינטע שטראף. פאר מיר, פאר מיינע עלטערן, פאר מיין פאלק און לאנד".

"זייט איר, הייסט עס, פריי" -האט באמערקט אברהם; איז וואס איז אייער ענטפער? פארשטויסט מיך ניט פון זיך!"

"אבער, אברהם טייערער, מיר קומען דאך פון צוויי באזונדערע געמיינדעס; מיר זיינען דאך אזוי פארשיידן אין אונזער פאראגאנגענהייט. איך -אן אשכנזישע; איר - א ספרדי" - האט כותרת זיך געווערט.

"ניין, כותרת הארציקע, דאס איז א טעות; מיר האבן איין גאט אין הימל און איין פאלק אויף דער ערד; מיר האבן געהאט איין אורשטאם-פאטער, אברהם; מיר זיינען ביי דע צוויי יתומים, צוויי אנטרונענע און צוריקגעקומענע אידישע קינדער. יארנלאנג זיינען אונזערע געמיינדעס געווען ווייט; דא, אין לאנד, ווערן מיר נאנט. האבן דען אונזערע נביאים ניט פארויסגעזאגט, אז קומען וועלן די "פארלארענע פון לאנד אשור און די פארשטויסענע פון לאנד מצרים צו בוקן זיך צו גאט, דעם אייביקן, אין ירושלים." דאס איז דאך דער צווייטער נס פון אונזער גורלדיקן, געבענטשטן דור: נאכן נס פון אויפגעריכטן היימלאנד, דער נס פון קיבוץ און מיזוג גליות: איין - פאלק, איין לאנד, איין גאט" -האט אברהם געטענהט.

כותרת איז געווען גערירט ביז טרערן.

די צוויי אפגעפונענע אידישע קינדער האבן זיך וואַ-רעם ארומגענומען און א הייסער קוש האט פארזיגלט זייער געמיינזאמען גורל.

"בעמט - אָן מיין האנט, כותרתו"

"יא, איך נעם-אָן, טייערינקערנמיר וועלן צוזאמען קעמפן, צוזאמן בויען דאס פאלק און לאנדו

מזל טוב, אויפן באדן פון הימלאנדו

## קאפיטל 37

## אין א גוטער, מזלדיקער שעה.

קריינדעלע-כותרת און אבדול-אברהם האבן פארבונדן זייער געמיינזאמן גורל דורך חופה וקידושין כדת משה וישראל .

עס איז דורכגעפירט געווארן א מיליטערישע חתונה דורך א רב-צבאי, און חברים-סאלדאטן און אפיצערן זיי-נען געווען די מחותנים און אונטערפירער.

ביידע זיינען פארבליבן אין מיליטער, אין צה"ל. קריינדעלע-כותרת איז ווייטער געווען א קראנקן-שוועס-טער און אויך אן איבערזעצערין, ווען בויטיק, און אב-דול - אברהם האט זיך מיטן גאנצן ענטוזיאזם געווידמעט דעם פלי-ווען, אלס אויסגעצייכנטער פילאט. זיי האבן גע וואכט אויפן הימלאנד; כותרת-פון דער יבשה, אברהם - פון דער לופט, דערביי פארווירקליכט דעם אידעאל פון קי-בוץ און מיזוג גלויות.. די צוויי בעלי-תשובה האבן סימ-באליזירט די ערד און דעם הימל פון דער אידישער מדינה.

קריינדלען האט געפלאָגט דאס געוויסן, וואס זי האט דעם טאטן פארשאפט עגמת-נפש און חרפה, און זי האט געוואלט אים מחילה בעטן כאטש נאכן טויט. זי האט געוואוסט פון אידישן מנהג, אז ווען מען טוט ווייטיק עמיצן און יענער איז שוין אויפן עולם האמת, דאן דארף מען כאטש קומען אויפן קבר אים איבערצובעטן און, אויב מעגליך, אויך מיטברענגען א מנין אידן און זיך מתוודה זיין אין זייער געגנווארט.

זי האט באשלאסן צו פאָרן אהיים אין איר געבורט-שטאט אויף קבר-אבות און דארט צופאלן צום גרויען מצבה-שטיין און אויסגיסן דאס הארץ. זי האט געהאפט, אז זי וועט נאך אפשר טרעפן דעם קבר, וועלכער איז, מעגליך, על-פי-נס, גאנץ געבליבן פון גרויזאמען חורבן.

קריינדלע-כותרת האט זיך א בדר געגעבן דורכצופירן דעם פלאן און פרובירן פארווישן דעם פלעק, וואס באדעקט און מאטערט איר געוויסן. אפשר וועט איר לייכטער ווערן אויפן געמיט און איר טאטע וועט זיך פאר איר מיען אין אט דער אייביקער וועלט.

זי איז צוגעטראטן צו פארווירקליכן איר באשלוס.

קאפיטל 38

אויף קבר - אבות

קריינדלע-כותרת האט באקומען אורלויב פון מיליטער צו פארן צום טאטן אויף קבר-אבות און זי האט אויך אויסגעווירקט אן ארייַנפאר-ערלויבעניש פאר דעם צוועק.

זי איז באשטיגן דעם טרויעריק-באריגמטן פראנצויזישן גיגאנטישן לופט-באס, וועלכער האט שפעטער ארויס-גערופן די וועלט-סענסאציע פון דער געוואגטסטער מיליטערישער ישראל-אוואנטורע, וואס האט אויפגערודערט דעם

גאנצן ערד-קוגל.

עס האבן זיך אין אט דעם דזשאמבא-עראפלאן געפונען איבער הונדערט ישראלים, פיל פון די פאסאזשירן האבן געהאט בדעה אויסשטייגן אין פאריז צו אנדערע עראפלאנען. קריינדעלע-כותרת האט אויך אזוי געפלאנט.

צוזאמען מיט איר איז מיטגעפלויגן אן עלטערער רב, א טוריסט, וועלכער האט זיך אומגעקערט אהיים. זי האט זיך מיט אים צוזאמענגערעדט און פארטרויט דעם צוועק פון איר רייזע. ער האט די אויפמערקזאם אויסגעהערט, און אלס כהן, האט ער ארויפגעלייגט זיינע הענט אויף איר קאפ און זי געבענטשט:

"זייַ געבענטשט, מיין קינד! זכות-אבות זאל דיר בייַשטיין. טוסט א גרויסע מצווה. ביסט מקיים "כיבוד-אב" אפילו נאכן טויט, ווי דער דין איז. א בעל-תשובה שטייט העכער פון א צדיק. דער טאטע וועט זיך פאר דיר מיען און עס וועט דיר געשען א גרויסער נס".

קריינדעלע איז געווען פארגאפט און געפלעפט פון די דערמוטיקנדיקע ווערטער פון אט דעם גרייז-גרויען רב. עפעס האט ער איר אויסגעזען, ווי אליהו הנביא, וואס זאגט-אן א גוטע בשורה.. אין אטען איז ער אראפ און פארשוואונדן.

אין אירע אויערן האבן געקלונגען דער רב'יס ווערטער: עס וועט דיר געשען א גרויסער נס, ווי דאס וואלט געווען דער סיגנאל פון א גורלדיקער נבואה וועגן עפּעס וואס אומדערווארטעטעס, וואס דארף קומען, און וועגן א דערלייזונג, וואס דארף פאסירן.

## קאפיטל 39

### קאָשמאר "ענטעבע"

ווען דער עראפלאן האט זיך אויפגעהויבן איבער גריכנ-לאנד אויף זיין ווייטערדיקער פלי-רייזע, איז געשען עפעס גרויזאמעס, וואס האָר און אויערן שפיצן זיך-אן דערויף.

עס זיינען ארויפגעשטיגן עטלאכע טעראריסטן, צווישן זיי, אראבער און דייטשן, וועלכע האבן, מיט רעוואלווערן, האנט-גראנאטן און אנדערן אויפרייס-מאטעריאל, באהערשט דעם עראפלאן, באצוואונגען דעם קאפיטאן און פילאט, און אונטער דער דראונג פון א קויל אין קאפ, געהייסן פארקירע-ווען דעם עראפלאן אין אן אנדער ריכטונג.

מיט אנגעשטעלטע רעוואלווערן, און אין א שטרענגער דייטשער שפראך, האבן זיך די דייטשע אנפירער פון דער באנדע געוואנדן צו די פאסאזשירן און געמאלדן, אז זיי זיינען איצט אין באזיץ און קאמאנדע פון דעם עראפלאן. זיי האבן פאראָרדנט צו זיין געהארכזאם, אויספאלגן באפעלן און ניט שטעלן קיין ווידערשטאנד, ווייל אין קעגנפאל וועלן זיי אויפרייסן דעם עראפלאן אין דער לופט.

א פאניק האט באהערשט אלע פאסאזשירן, אבער מען האט זיך קאנטראלירט און ניט געווארן היסטעריש. ווי מען האט געקענט באמערקן, איז א-נשטאט פאריז - דער עראפלאן געפלוי-צו צפון-אפריקע אין דער ריכטונג פון אן אראביש לאנד. מינוטן האבן זיך געצויגן, ווי יארן, שעהען-ווי אייביקייט.

דער עראפלאן האט זיך געטראגן איבער די וואסערן פון מיטל-לענדישן ים. דער ריזיקער שטאלענער פויגל האט אונ-

טערוועגנס זיך אפגעשטעלט צו פארשאַפן ברענשטאף און זיך ווייטער געצויגן אין אן אומבאקאנטער ריכטונג.

נאך א לאנגער שפאנונג פון אנגעצויגענע נערוון ביי די פארכאפער און ביי די פאסאזשירן איז דער עראפלאן אָנגעקומען און געלאנדעט אין דער שווארץ-הויטיקער אוגאנדא וואו דער דיקטאטאר-טיראַן, אידי אמין, איז דער בעל-הבית איבער לעבן און טויט פון זיינע אונטערטאנען. די לאנדונג איז פארגעקומען אין "ענטעבע".

דער קאשמאר איז געווארן נאך טיפער, ווען מען האט אריינגעפירט די פאסאזשירן אין דעם טונקעלן, שמוציקן זאל פון "ענטעבעיס" אלטן לופט-פלי וואקזאל. זיצנדיק אויף די טשעמאדאנעס, האט דער פארכאפטער עולם זיך אריינגעלאזן אין היסטארישע רעמיניסצענצן און רעיונות.

אין זכרון זיינען אויפגעשוואומען דערינערונגען איבער דעם גרויסן אידעאלאג פון אַלט-ניי לאנד, דר. טעאדאר הערצל, טרוימער פון א מקום-מקלט, אן אזיל-נעסט פאר אידן ערגעצוואו אונטער דער זון. אין א גרויסן מאמענט, האט ער געהאט בדעה צו באזעצן אידן אין אוגאנדא און דערמיט פארענדיקן דעם נע-ונד סטאטוס פון דעם "אייביקן וואנדערער", אויב מען וועט דאך ניט קענען באקומען די געוואונטשענע "פאלעסטינע". איצט-האט מען דא געבראכט פארכאפטע אידן דורך אן אקט פון טעראר און שאנטאזש, כדי אויסצופרעסן פון ישראל גרויסע פאליטישע קאנצעסיעס פאר ארעסטירטע ראבער. די זעלבע אוגאנדא, וועלכע האט געדארפט דינען אלס אזיל, איז איצט א תפיסה פאר אידן.

ווי גרויזאם עס איז די איראניע פון גורל...

א פיינליכע שטימונג האט באהערשט דעם עולם.

## קאפיטל 40

## לעבעדיקע משכנות

קריי בדעלע-כותרת איז געווען דערשיטערט פון דער שרעקליכער איבערלעבעניש. איר זארג איז געווארן נאך גרע-סער, ווען מען האט געמאכט די פאסאזשירן א גרויזאמע דער-קלערונג. די הארבע ווערטער זיינען געקומען פון דיקטא - טאר, אידי אמין, וועלכער האט זיך געוויזן פאר די פארכאפ-טע פאסאזשירן אין דעם גאנצן פראכט און גלאנץ פון זיין מאיעסטעט, אין דעם אוניפארם פון א הערשער, די ברוסט באַ-האנגען מיט מעדאלן. גאווה'דיק און פארשייט האט ער אפי-ציעל געמאלדן:

" איר זייט אהער געבראכט געווארן, אלס ערוביני-קעס, פארמשכב'ט מיטן צוועק אויסצווירקן פון דער אידי-שער מדינה די באפרייונג פון אונזערע העלדישע אראבישע ברידער פרייהייטס-קעמפער, וועלכע ווערן געהאלטן פארהאפ-טעט אין תפיסות אין ישראל און שמאַכטן דארט הינטער גראַ-טעט פאר זייער מוט פון געראנגל פאר זייער ערד און היים"

"די אידישע מדינה מוז באקומען די געשטעלטע פאדע-רונגען און דאן וועט אייך צוריקגעגעבן ווערן פרייהייט און זיכערהייט. אויב, אבער, די ישראלים וועלן זיך פאר-עקשנ'ען און ניט וועלן ארויסגעבן די איינגעזעצטע אראַ-בישע טעראריסטן, דאן וועט איר מוזן באצאלן מיט אייערע לעבנס".

"אייער תורה און טראדיציע לערנט אייך דאך, אז אלע אידן זיינען „ערב" און פאראנטווארטליך איינער פארן אנ-דערן. זיינען מיר נאר מקיים אייער אייגענעם פרינציפ"

האט פארענדיקט דער טיראן מיט א שעלמישן שמייכל.

די איראניע איז געווען נאך ביטערער, ווען אויף דיק-טאטאר אמיניס ברוסט-קאסטן האבן אויך געגלאנצט די פארא-שוטן-פליגל, דער עמבלעם וואס מען האט אים געגעבן אין ישראל, וואו ער איז אויסטרעבירט געווארן אלס פליער.

קריינדעלע איז געווען שטארק באזארגט, אבער זי האט געהאפט אויף א נס, אז די "לעבעדיקע משכנות" וועלן דאך צו ריק קומען אהיים גאנץ און געזונט. וואס שייך זיך פער-זענליך, האט זי געדענקט די ברכה פון אלטן רב אין עראפ-לאן. ער האט איר צוגעזאגט, אז דער טאטע, איז דער אייבי-קער וועלט, וועט זיך פאר איר מיען.

## קאפיטל 41

## סעלעקציע "נוסח היטלער"

די צייט האט זיך געצויגן, ווי פון פעך; ווייסע שקלאפן אויף שווארצער ערד, אט אזא געפיל האבן געהאט די פארכאפטע "ערוב יניקעס". מען האט געהאט דעם איינדרוק, אז מען איז אויף הפקר אין די הענט פון באנדיטן, ביי וועמען עס הערשט דאס "רעכט פון דזשונגלי".

אין דער צווישנצייט זיינען אנגעגאנגען פיבערהאפטע פארהאנדלונגען צווישן די פארכאפער און דער ישראל-רעגי-רונג דורך דער פארמיטלונג פון דעם "אפוטרופוס" איבערן נעבעכדיקן "קאזאק הנגזל", אידי אמין.

אויבן-אויף האט עס אויסגעוויזן, ווי א דינגעניש וועגן די ארעסטאנטן, וועמען, וויפל און פון וואנען זיי ארויסצולאזן. אין דער ווירקליכקייט האט מען, אבער, קאנספי-ראטיוו געטראכט וועגן א סטראטעגישן מאנעוור, ווי אזוי ארויסצוראטעווען די „לעבעדיקע משכנות" פון קלעם דורך א

מיליטערישער אקציע. עס האט זיך געהאנדלט וועגן געוויינען
צייט,פארשלעפערן די אויפמערקזאמקייט פון אידי אמין און
צוגרייטן דעם מאנעוור,ווי געהעריק.

די לאגע איז אבער געווארן ערנסטער,ווען א געוויסן טאג
איז דורכגעפירט געווארן א סעלעקציע צווישן די פאסאזשירן
געגנוי" נוסח היטלער".

אין ערופלאן זיינען געוועזן אידן און ניט-אידן.צווישן
די אידן זיינען געווען ישראלים ווי אויך אידן מיט ביר-
גערשאפט פון אנדערע לענדער.כדי צו פארשארפן דעם אולטימא-
טום, האבן די פארכאפער אויסגעשטעלט אלע פאסאזשירן אין
איין זאמל-פלאץ און דורכגעפירט א "סעלעקציע":רעכטס, -
לינקס, אפזונדערנדיק די ישראלים פון די ניט-אידישע פאסא-
זשירן.די ישראלים האט מען פארהאלטן און די ניט-אידן האט
מען באפרייט און געלאזט אפפליען צו די לענדער פון זייער
באשטימונג און באגער.

צווישן די אפגעזונדערטע ישראלים האט זיך אויך געפו-
נען קריינדעלע - כותרת. צוזאמען מיט אלע ישראלים האט זי
דורכגעלעבט דעם גרויל פון היטלער'ס סעלעקציע-מעטאדן
און אומשלאג-פלאץ.

זי האט זיך דערמאנט דעם פסוק,וואס זי האט נאך גע-
הערט אין איר טאטנ'ס הויז:"הֶן עַם לְבָדָד יִשְׁכֹּן וּבַגּוֹיִם
לֹא יִתְחַשָּׁב" -אן איינזאם,עלנט,איזאלירט פאלק,ווען ער גע-
פינט זיך צווישן גויים,ווערט ער ניט גערעכנט אלס מענטש
מיט רעכט צום לעבן, נאר אלס שאף,געפירט צו דער שחיטה.
ווי טייוולאניש- גרויזאם די וועלט איז לגבי דעם איד...
פריער - בערלין; איצט -ענטעבע.ווייסער אדער שוואר-
צער אנטיסעמיטיזם,קיין אונטערשייד;מען האסט אונז.

קאפיטל 42

## דער שטורם אין ישראל

אין דער צווישנצייט איז אין ישראל אנגעגאנגען א פיבערהאפטע קאָכעניש ארום דעם סקאנדאליעזן אינצידענט. משפחות פון די "לעבעדיקע משכנות" האבן דעמאנסטרירט פאר די רעגירונגס-ביוראען און געפאדערט באצוגעבן די פארכאפער און ראטעווען זייערע פארהאפטעטע קרובים. זיי האבן געטענהט, אז אונזער "פלייש און בלוט" איז וויכטיקער, ווי א פאליטישער קאפריז און אין אזא גורלדיקן טאָר מען זיך ניט רעכענען מיט שטאטסמאנשאפטליכע חשבונות, אדער מאטיוון פון פרעסטיזש. טומלדיקע פראטעסט-דעמאנסטראציעס זענען דורכגעפירט געווארן פאר דעם ביורא פון דאמאלסטיקן פרעמיער-מיניסטער, יצחק רבין, און פארן בנין פון דער "כנסת". די רעגירונג איז געווען אין א גרויסער פארלעגנהייט.

אבדול-אברהם האט געוואוסט, אז קריינדעלע געפינט זיך צווישן די פאסאזשירן-משכנות. אלס פילאט האט ער זיך מאביליזירט צו העלפן אין דער קאנספיראטיווער אינוואזיע, וואס צה"ל האט געגרייט אויף "ענטעבע".

דער ארמיי-שעף פון ישראל, רב-אלוף פון צה"ל, רמטכ"ל מרדכי גור, האט קאנפערירט מיט פרעמיער רבין ווי עס זעען אויס די שאַנסן פון אזא אינוואזיע, און ער האט אים פארזיכערט, אז זי וועט געלינגען. צה"ל האט דורכגעפירט א מאנעוור-פראבע און מען האט זיך איבערצייגט, אז דער איבערפאל וועט זיין דערפאלגרייך. דערווייל האט מען, אויף א דיפלאמאטישן וועג, פארהאנדלט

מיט דיקטאטאר, אידי אמין, צו געווינען צייט. מען האט זיך, כלומרשט, געדונגען וועמען פון די ארעסטירטע טע-ראריסטן צו באפרייען, אלס אויסטויש פאר די "משכנות".

דאס איז געווען א העכסט-ריזיקאלישע טראנזאקציע, א געפערליך-געוואגטער מאנעוור. אנגעשפיצטע נערוון האבן זיך געשפאנטערהייט געצויגן ביז צום פלאצן. עס איז גע-ווען א סוד-סודות. ישראל האט זיך געגרייט צו א גורל'דיקן אקט פון נקמה און רעטונג.

און די גלייכגילטיקע וועלט האט געשוויגן. וואסער ווערט האבן דען איבער 100 פארמשכנטע ישראלים? אפילו דער "הייליקער פאטערל" אין וואטיקאן האט אנגענומען א פולן מויל מיט "הייליקן וואסער" פון שטילשווייגן.

יא, געווען א צייט, ווען דער "שטעל-פארטרעטער און דערליידער", הויפט פון דער קירכע, האט געליארמט. דאס האט פאסירט, ווען די ישראלדיקע מיליטערישע אוויאציע האט באַ-שעדיקט די אראבישע עראפלאנען אויפן לופט-פעלד אין בעי-רוט, אלס רעוואנזש פאר די דערמארדעטע ישראל-ספארטלער אין מינכען. דער "שליח פון גאט" אויף אונזער זינדיקער ערד האט זיך דאן אנגענומען די "קרעווידע" פון צעשמאַל-צענעם מעטאל און פארשוויגן דעם קרימינעלן מארד פון די ישראלדיקע אטלעטן. אויך איצט האט ער געשוויגן...

אידישע לעבנס, אידיש בלוט איז הפקר - א דאָגמע אין דער פראקטיק פון דער קירכע זינט די פינסטערע צייטן פון דער שפאנישער אינקוויזיציע ביז צום היינטיקן טאג.

דער הייליקער צלם פארגיט אלע זינד...

אט דאס איז דער יושר פון דער פראגרעסיווער וועלט,

## קאפיטל 43

## די גורל ידיקע נאכט, "ליל שימורים"

די נאכט פון 3-טן אויפן 4-טן יולי 1975 איז געווען א "ליל שימורים", א וואך-נאכט. דאס געטליך אויג פון "שומר ישראל" האט פאטערליך געוואכט איבער זיינע בראווע זין, וועלכע האבן זיך, אין דער געדיכטער פינסטערניש געטראגן איבער די צפון-אפריקאנער הימלען אין עט-ליכע מיליטערישע לאסט-עראפלאנען פון אמעריקאנעם מאדעל "הערקולעס" אין דער ריכטונג פון אוגאנדא צום אלטן לופט-וואקזאל אין ענטעבע.

די עראפלאנען זיינען געווען אויסגעשטאט מיט ארמיי אויטאמאבילן פאר דער מאטארן-מאנשאפט, ווי אויך מיט א באוועגליכן שפיטאל און דאקטוירים-פערסאנאל אין פאל פון פארוואונדונג אין דער פאראויסגעזעענער שלאכט. בראווע פילאטן און צה"ל-זעלנער האבן מיט זיך פארגעשטעלט די שטראף-עקספעדיציע אין דער געוואגטסטער היסטארי-שער אקציע.

לויט דעם פאראויסגעשטעלטן פלאן האט זיך דער שפיטאל עראפלאן אראפגעלאזן אין נייראבי, קעניא, וועלכע איז געווען פיינטליך צו אוגאנדא און האט קאאפערירט מיט דער אידישער מדינה. זי האט געוואוסט וועגן דער געפלאנטער אינוואזיע און דערלויבט די לאנדונג.

די עראפלאנען זיינען געפלויגן פארהעלטנישמעסיק ני-דעריק, כדי אויסצומיידן די "בייזע אויג" פון ראדאר. עס איז געווען א רייזע מיט א פארכאפטן אטעם און האט מיט איר שפאנונג דערמאנט אין די פיראטן-אוואנטורעס, וועלכע זיינען באשריבן אין די דעטעקטיוו-ביכלעך, נאר די דאזיקע

פיראטן פון דער ישראל-עקסקורסיע זיינען ניט געפלויגן מיטן צוועק צו בארויבן אדער דערמארדן, נאר צו ראטע - וועז פארמשכּטע לעבנס.

דער אפריקאנער צפון - ברעג איז געווען פארזונקען אין טיפן שלאף און קיינער האט ניט פארדעכטיקט, אז אין די הימלען שוועבט אן ישראלדיקע עקספעדיציע פון"גיכער הילף" פאר באדראטע אידישע לעבנס און אז זי דערנעמערט זיך צו אוגאנדא.



אויפן וועג צו אוגאנדא אין שלייער פון דער נאכט

און...-אט איז מען שוין אין"ענטעבע". עס ווערן בליץ-שנעל אויסגעלאדן די אויטאמאבילן מיט די ישראלדי-קע סאלדאטן, וועלכע לאזן זיך פארזיכטיק און שנעל צום אלטן לופט-וואקזאל. הערצער קלאפן מיט א האסטיקן ריטם; ליפן פליסטערן א תפילה, אז די אקציע זאל געלינגען.

די "משכנות"זיי מען אויך געווען פארזונקען אין א טיפן שלאף. זיי האבן ניט געוואוסט, אז די ישועה איז נאנט זיי האבן ניט געהאט קיין אנונג, אז דער געווייסן-רוף פון אייגן בלוט איז געענטפערט געווארן אויף א העכסט -

ברידערליכן אופן.

אין וואַר-טורם זיינען געווען עטליכע-און-צוואנציק אוגאנדישע זעלנער. אובטן, אין וואָקזאל, אינווייניק, ביים אריינגאנג, זיינען געווען די באוואפנטע פארכאפער, וואס האבן פארקירעוועט דעם פראנצויזישן לופט-באס מיט די פאסאזשירן צו אוגאנדא. די צוויי פאזיציעס זיינען פון פאריס געווען באוואוסט דער צה״ל שטראף-עקספעדיציע, וועלכע האט געהאט א געגויעם פלאן פון אָרט, וואו און ווער געפינט זיך. אגב, ווי מען גיט איבער, האבן ישראלי דיקע אינזשינערן געבויט דעם וואקזאל, ווען ישראל און אוגאנדא זיינען נאך געווען אין פריינדליכע באציונגען.

אויבן, אין די הויכע הימלען, איז דער״שומר ישראל״ געזעסן אויף זיין ״כִּסֵא הַכָּבוֹד״ און דיריגירט די דרייסטע און פלוצלינגע אינוואזיע.

״הִנֵה לא יָנום וְלא יִישָן שומֵר יִשְרָאֵל״- דער גאט פון ישראל שלאפט ניט איין. ער האט געוואכט, געפירט און גע-האלפן.

## קאפיטל 44

### די ״יונתן״-אקציע און דער קאמאנדא-איבערפאל

די ישראלים האבן זיך בליץ-שנעל ארייגעשטורמט אין לופט-פעלד, דערשאסן אלע אוגאנדישע זעלנער אויף דעם וואַר-טורעם, ווי אויך די פארכאפער, אבער פון דער שיסעריי האבן געליטן עטליכע ישראלדיקע קרבנות פון צווישן די״משכנות״, ווי עס איז געווען צו דערווארטן פון אזא ריזיקאלישער אפעראציע. עס איז נאך געווען מיט חסד; מען איז אפגעקומען מיט א מינימום פארלוסטן.

פון דער עקספעדיציע-מאנשאפט איז געפאלן דער קאַ-מענדאנט פון דעם סקוואדראן, יונתן, ווען א קויל האט געטראפן פון אן אומגעריכטער זייט. די משכנות, וועלכע האבן, אין צעטומלעניש, ניט אויסגעפאלגט דעם באפעל צו פאלן מיט די פנימער צו דער ערד און האבן זיך אויפגע-הויבן, האבן באצאלט מיט זייערע לעבנס. עס האט צווישן די "משכנות" יענעם אוונט אויך געפעלט פרוי בלאָך, אן ענגלישע בירגערין, וועלכע איז צוליב א פארגיפטונג אין מאגן אוועקגענומען געווארן נאך פריער אין אן אוגאנדא-שפיטאל. ווי מען האט זיך שפעטער דערוואוסט, איז זי-אויס נקמה-דערשטיקט געווארן דורך די אוגאנדישע מערדער און דאס האט פארשארפט די באציונגען צווישן ענגלאנד און אוגאנדא. די וועלכע זענען אפגעקומען מיט קלענערע וואונדן, זיינען באהאנדלט געווארן דורכן דעם ישראלדיקן מיליטערישן שפיטאל-פערסאנאל אין קעניא. בדרך כלל, זיינען כמעט אלע "משכנות" ארויס לעבעדיק, גאנץ און געזונט. דאס איז געווען אן אומגלויבליכער נס, א לעבעדיקע לעגענ-דע.

קריינדעלע האט זיך געקלאמערט צום לעבן, ליגנדיק מיטן פנים אראפ צו דער פאדלאגע, ווען זי האט, צו איר שטוינונג דערהערט אן אומדערווארטעטן רוף:

"קריינדעלע-כותרת, הארץ מיינס, נשמה מיינעו דאס בין

איך, אבדול-אברהם, דיין דערלייזער, דיין "גואל ומושיע". הביתהו אהיים מיט דיין רעטערו".

זי איז געווען געפלעפט פון איבעראשונג, ווען אברהם האט זי געכאפט אין די ארעמס, אריינגעטראגן אין אויטאמא-ביל און בליץ-שנעל זי געבראכט צום "הערקולעס"-עראפלאן,

וואוהין עס זיינען אוועקגעפירט געווארן די גערעטעוועטע "משכנות", אין שלייער פון דער נאכט.

"הבַיְתָה, אהיים! —אט דאס איז געווען די בשורה פון דער ליידונג, וואס האט זיך געטראגן פון די מיילער פון דער רעטונגס-עקספעדיציע צו די גערעטעוועטע ישראלים. דאס איז, אפשר, צום ערשטן מאל, וואס די טמאידיקע לופט פון דער שווארצער אוגאנדא איז פארהילכט געווארן מיטן העב-רעישן ווארט, דעם "קול רִנָה וִישועה" אין דעם ריטערליכן ראַפּסאָד פון מסירת-נפש און אהבת ישראל.

עס איז אויך, אגב, גערעטעוועט געווארן די פראנצויזי-שע מאנשאפט פון לופט-באס. פראנקרייך האט נאכדעם אויסגע-דריקט אפיציעל א דאנק צו ישראל פאר ראטעווען אירע בירגער פון דעם ריזן-עראפלאן.

די רעטער האבן מיטגענומען יונתן'ס קערפער, וועלכער האט געבראכט זיין יונג לעבן אלס קרבן אויפן מזבח פון עם ישראל און מדינת ישראל.

די וועלט, וועלכע האט זיך גלייכגילטיק באצויגן צו דעם לופט-פיראטישן סקאנדאל פון די טעראריסטן, איז גע-ווארן פול מיט לויב פאר ישראל'ס העלדישער רעטונגס-אקציע.

דורות וועלן געדענקען "ענטעבע", ווי מען פארגעסט ניט דוד'ס גבורה קעגן גלית הפלשתי, שמשון הגבור'ס בראַוו-קייט קעגן זיינע פאנגער א.א.וו.

א באָבע וועט ביים פארוויגן איר "סאבראַ"-איי ניקל אים זינגען דאס שלאף-ליד וועגן "ענטעבע" און דאס עופה'-לע וועט אויפהויבן די אויגן צום הימל און זוכן צווישן די ליכטיקע שטערן די "רעטער פון "ענטעבע", לעגענדע פון אמת.

## קאפיטל 45

## פּיערליכער קבלת-פּנים אין ישראל

די "שיבת ציון" פון די מיליטערישע דערלייזער, צוזאמען מיט די "לעבעדיקע משכנות" נאך דער געוואגטער אקציע אין אוגאנדא האט ארויסגערופן אלגעמיינע באגייס-טערונג און פרייד איבער גאנץ ישראל. א יובלדיקער עולם פון משפחה, קרובים, שכנים, פרייַנט און סתם ישראלים איז געקומען צום בן-גוריון לופט-פעלד אין לוד זיי מקבל פנים זיין.

די קלאנגען פון "התקוה" האבן פארהילכט די לופט. אידן, אין טליתים, זיינען ארויס אויפצונעמען די ליבע געסט. מען האט געבלאזן שופר פון גאולה וישועה, ווי דער דין איז "וביום שמחתכם ומועדיכם" - און דאס איז דאך געווים א גרויסער נאציאנאלער יום-טוב און א געטאד פון דער השגחה. מען האט די געסט געהויבן אין דער לופט, זיך געארעמט און געקושט. די אויגן זיינען געווען אויסגע-ווייקט אין טרערן פון פרייד.

אין דער גארער וועלט האט די דרייסטע אוואנטורע ארויסגערופן גרויס ענטוזיאזם. מען האט באוואונדערט די גבורה, מסירת-נפש און ענטוזיאזם פון די ישראלים. ווען אנדערע פעלקער האבן זיך שוין צוגעוויינט אבגע-מען לופט-פיראטיזם פאר א געשעענעם פאקט, האט ישראל געוויזן, אז מען קען זיך מיט זיי יא אן עצה-געבן און ענטפערן מיט פויסט קעגן פויסט, ווייל קיין אנדער שפראך פארשטייען זיי ניט.

דאס איינציק פאלק, וואס האט געצארנט און געקריצט מיט די ציין איז געווען - אוגאנדא. דיקטאטאר אמין איז

געווען אויפגעבראוויזט פון דעם געלונגענעם "ישראל-בלאָו" וואס הינטער זיינע פלייצעס זיינען פיפיק געראטעוועט געווארן די אומשולדיק פארהאפטעטע "משכנות". ער האט זיך נוקם געווען אין זיינע אונטערטאנען, וועלכע האבן פארשלאפן דעם סקאנדאל. אלס אידישער קרבן איז געפאלן די דערשטיקטע פרוי בלאך דורך די ברוטאלע אוגאנדישע רוצחים.

אזוי איז צונישט-געווארן דער טייוולאנישער פלאן פון דעם"שווארצן מאנסטער "פראנקנשטיין" , און זיינע פארבינדעטע, די אראבישע טעראריסטן. אזוי זיינען אריינגעפאלן אין פאניק די פיינטליכע אראבישע פעלקער און באזונדערס די פאלעסטינעזער, מיט "אשף" אין דער שפיץ. אזוי איז אויך אויפגערייצט געווארן די פוריע פון סאוויעט-רוסלאנד, באקאנט אלס ישראל'ס געשווארענער שונא. אזוי זיינען די פארכאפטע "משכנות" ארויס "פון טרויער צו פרייד, פון אונטערגאנג צו גאולה, פון פינסטערניש צו א גרויס ליכט" אין ציון וירושלים.

## קאפיטל 46

## צו - חלום

קריינדעלע-כותרת האט זיך געפילט איבערגליקליך, וואס זי איז געראטעוועט געווארן. עס האט איר נאר געקימערט, וואס זי האט ניט געקענט דורכפירן דעם פלאן פון קבר-אבות. צו איר גרויס איבערראשונג, איז איר אבער איין נאכט דער טאטע געקומען צו-חלום.

"קריינדעלע, טאכטער מיינע, בת-יחידה טייערע דאס בין איך, דיין טאטע יוסף" - האט זיך אפגערופן דער גרייזגרויער איד, איינגעהילט אין א טלית און קיטל, ווי ער פלעגט דאווענען ראש - השנה ביים עמוד-"איך בין געקומען דיך באַ-

גריסן צו דיין ישועה און דיך בארויקן, אז דו וואלסט במילא ניט געקענט מקיים זיין די מצווה פון קבר-אבות, ווייל די רוצחים האבן דעם בית-עלמין צעשטערט, אלע היי-ליקע מציבות אומגעוואָרפן, איינשליסנדיק אויך מיינע, און פון דעם "הייליקן אָרט" א פארק געמאכט. מיט די מציבה-שטיינער האבן זיי דעם מארק אויסברוקירט. דו וואלסט מיין אייביקן רו-פלאץ ניט געפינען. נעם זיך, דעריבער, נישט צום הארצן קיין עגמת-נפש דערפון!"

"אגבֿ" - האט דער טאטע פארגעזעצט - "איך בין דאס גע-ווען דער פארשטעלטער רב, וועלכער האט די געטראפן אויף דעם פראנצויזישן עראפלאן און הארציק געבענטשט. זיי אויך איצט געבענטשט, טאכטערשע, מיט דיין באשערטן זיווג, דעם בעל-תשובה, אברהם!"

"איך דאנק דיר, טאטעשי, אבער עס פלאגט מיך דאס גע-וויסן, וואס איך האב דיר און דער מאמען אזויפיל צער פארשאפט. דו בינסט אוועק פון דער וועלט א ברוגזיער אויף מיר. איך קען זיך ניט שענקען, וואס איך האב גע-זינדיקט קעגן דיר און דער מאמען" - האט זיך קריינדעלע באקלאגט און געוויינט מיט ביטערע טרערן.

"ניין, טאכטערשע" - האט דער טאטע געענטפערט - "ניט דו נאר איך האב געזינדיקט קעגן דיר. אין גסיסה-ווייען, אויף מיין טויטן-בעט, האב איך דיר מוחל געווען. דאס זעלבע אויך די מאמעשי. מיר וועלן זיך מיען פאר דיר און פאר אברהם."

"איך בין צופֿידן, וואס דו האסט תשובה געטאן און דו האסט זיך מוסר-נפש געווען פאר ישראל. איך בין גליקליך, וואס דו בינסט געקומען צו אונזער פאלק און לאנד און

זיך פארבונדן מיט דיין באשערטן. איר זאלטביידע
אויסלעבן די יארן, אין בחת און אין פריידן! זאל
אייך ביידן זיין גוט און וואויל צוזאמען מיטן
גאנצן אידישן פאלק אויף די בערג און אין די טאלן
פון ציון וירושלים".

ווען קריינדעלע האט זיך אויפגעכאפט פון שלאף -
איז שוין איר פאטער פארשוואונדן. זי האט נאר געזען
א נעפל פון אן אויסגעוועפט מיסטיש ליכט, איבערלאזנ-
דיק אין איר הארץ א געפיל פון שליסליכער בארויק-
ונג און טרייסט.

# עפּילאָג

אזוי האט זיך אויסגעוועפט פאר קריינדעלען און
פאר אברהם דער קאשמאר פון "גלות-רוסלאנד" און "גלות
איראק", ווי א וויסטער מיראזש, ווי א פארבייגייענדיקער
שאטן, ווי אן אוועקגעבלאזענער ווינט, ווי א פארוועלקט
פלאנץ, ווי א פארפלויגענער פויגל, איבערלאזנדיק טרוי-
עריקע דערינערונגען און א נאסטאלגישע בענקשאפט נאך
אן אונטערגעגאנגענער אידישער וועלט, וואס געווען, איז
געווען און - ניטא, א "נעכטן" פון ליידן און פיין.

און אנגעקומען איז א "היינט", א ליכטיקער און זוני-
קער אין אייגענעם היימלאנד, און געראויטלט האט זיך שוין
אין מזרח דער באגינען פון א פריידיקן "מאָרגן" פאר כלל
ישראל, קיבוץ און מיזוג גליות אויף זיין אלט-נייעם
באדן מיט דער בשורה פון די פוסטריט פון משיח פאר אונ-
דער שווער-געפראוווטן, געבענטשטן און גורל ידיקן דור.

## דאנק און אנערקענונג

מיט א שבח והודי׳ צו השם יתברך, פארצייכן איך דעם טאלאנט, כח און זכות צו פארפאסן און ארויסגעבן את דאס בוך, אלס מיין באשיידענעם בייטראג צו דעם העראישן געראנגל פון רוסישן אידנטום פאר פרייער על׳יה צו מדינת ישראל.

איך וויל אויך נעמען די געלעגנהייט אויסצו - דריקן א ספעציעלן דאנק און אנערקענונג צו מיינע ליבסטע און בעסטע, וועלכע האבן, מיט ראט און טאט, מיך דערמוטיקט און דערמעגליכט די וויכטיקע אויפגאבע.

צום אלעם ערשטן - צו מיין געטרייער חנה׳ן, וועלכע האט מיר געגעבן א הארץ, א שויס און א היים און באשאנקען מיט געדולד דורך וויתור אויף מיין געזעלשאפט אין לאנגע אוונטן, ווען מיין צייט האט, מיט רעכט, געהערט צו א י ר. זי איז א שותף אין דאזיקן ווערק.

א הארציקער "יישר -כח" צום פריינטליכן פאר-פאלק, יאיר און אדוואקאט טאליע גרינשטיין פאר דערלויבן מיר דעם באנוץ פון זייער דרוק-מאשין, פלאץ און אקצע-סאריען, נויטיקע פארן בוך.

א דאנק פרוי רעגינא דאמאוויץ פאר מיין ערשטן ערן-אוונט אין איר היים, און פיינעם בייטראג צום פובליקאציע-פאנד, פריינט ישראל גורטמאן און פרוי פאר זייער איניציאטיוו.

א דאנק פון טיפן הארצן צום געבענטשטן פאר-פאלק, שוועסטערליך-ברידערליכע, חיה׳לע און ניסן לאס, פארן צווייטן ערן-אוונט אין זייער היים און פיינעם בייטראג צום "פאנד".

א דאנק פריינט יהודה בורוכוב און זיין ליבער פרוי פאר דעם מתיקות׳דיקן געזאנגביים צווייטן ערן-אוונט און דער פאמיליע גירשאוויץ, פאר זייער קינסטלערישן קאנצערט.

א דאנק קאלעגע אברהם לוסטיגמאן פארן אנבאט דורכ-צופירן לטובת דעם "פאנד" צום גונסטן פון מחבר, ליטע-ראַרישע אוונט אין חולון און אין בת-ים.

א דאנק פרייַנט ריטשארד רעי פון "עתים" פאר זייַן באַטייַן אין דער פרעסע.

א דאנק פרוי פרידה חדש, ארויסגעבערין, און דר. א.ל. שטשעקאטש־ראזען און פרוי, רעדאקטאר פון דער "יידישע צייטונג" פאר פרעסע־באטיצן, און פרייַנט מרדכי האמפעל און פרוי, פארן ארטיקל צו מייַן ליטע־ראַרישן יובל; די ברידער אריה און חיים חדש פאר זייער קאאפעראציע.

א דאנק פרייַנט בען און הלען מאזור, בעסטע פרייַנט פון אמעריקע, פאר זייער װארעמער הילף דאָרטן און דאָ, און באדייטנדן בייַטראג צום "פאָנד".

א דאנק פרייַנט לייב רובינליכט פארן פיאָנערישן זשעסט פון אָנבאטן און געבן די ערשטע הילף צום "פאָנד".

א באזונדער דאנק מייַן "פובליקאציע קאמיטעט" מיט פראפ. פינחס טשערניאק און פרוי, אלס ערן־פארזיצער, אדוו. יצחק טוניק און מרים, פארזיצער און לייב רובינ־ליכט, סעקרעטאר, פאר שאפן דעם "פאנד".

אגב, א דאנק פראפ. טשערניאק פאר זייַן פייַנעם בייַ־טראג צום "פאנד", הארציקער ברכה און אינטערעסאנטן פאר־געלייענטן קאפיטל פון אנטאפאליער "יזכור־בוך", און אַדוו. יצחק טוניק פאר דער געלונגענער דורכפירונג פון אוונט. חייהלע לאס פארן "חן־פינטלי" פון אירע פארגעלייענטע שריפטן.

א גאר באזונדער פארגעניגן האט פארשאפן מייַן קו־זינע, דר. אלטע מאכטיי, מיט איר אנוועזנהייט און פייַ־נעם אפרוף צום "פאָנד".

"כולם אהובים, כולם ברורים" — צו יעדן אייַנעם און אלע צוזאמען — מייַנע בעסטע װאונטשן זיך אפצודינען, אין נחת און אין פריידן.

אהרן חייט

## ואלה יעמדו על הברכה:

״חקריאה והקדושה״
אהרן חיים קולטור-געזעלשאפטליכער
פובליקאציע-קאמיטעט

פראפ.פ.טשערניאק — ערן-פארזיצער
אדוו.יצחק טוניק — פארזיצער
לייב רובינליכט — סעקרעטאר

## ערן-מיטגלידער

פרידה חדש און זין — ארויסגעבער
דר.און פרוי י.ל.שטשעקאטש-ראזען — רעדאקטאר ״יידישע צייטונג״, - תל - אביב

## מ י ט ג ל י ד ע ר

### ישראל

הרב משה בערנשטיין והרבנית
נחן באזיליאן
יהודה בורוכוב און פרוי
ישראל גורטמאן און פרוי
מנשה געווירץ
יאיר און אדוו.טאליע-
-גרינשטיין
דוד און יעסיקא
גערשענאוויץ-דאווידאוו

רעגינא דיקער
רעגינא דאמאוויץ
מרדכי און צפורה האמפעל
פינחס ווענקסלער
רפאל טאפאל
מרים(מאניע)טוביק
בצלאל לוריא
ניסן און חיה לאס
אברהם לוסטיגמאן
משה לעסינבער
דוד לוצקי
בן-ציון און העלען מאזור
דר.אלטא,ישראל און אהרן
מאכטיי
לייזער ענגעלשטערן
עדווארד פליישמאן
צבי אליעזר פרימאן

דר. סלאבאדקין
בצלאל קאטלער
יאשא און מאניא קאסמאן
פרומה רוזובסקי
יוסף ראדזעלי
יעקב מאיר ראזענוואסער
ריטשארד רועי

### אמעריקע

באריס מארגאלין
הרב אשר גרין
דוד היין
דוד לובין
הרב אהרן צוקערמאן
חיים קוזנעץ

### פראנקרייך

שלום קלינגער
וואלף באביטש
דוד פאדליאשוק
געניע דריידזין

קאמיטעט אין פארמירונג.

## ביז איצטיקע שאפונגען פון זעלבן מחבר

* גוואדאלקאנאל (דער העלד פון פאסיפיק)
-אויספארקויפט

* שארפזין - רעטעניש -אויספארקויפט.

* רייזעלע דעם שוחט'ס (באוועלע) -אויספארקויפט.

* ישראל, פאלק און לאנד (רייזע איינדרוקן)-באגרענעצטע צאל פארבליבן.

* "טו ווארלדס" (צוויי וועלטן -ענגליש)-באגרענעצטע צאל פארבליבן.

* פון כל טוב (פאעזיע און פראזע) - אויספארקויפט.

* "ביאליסטאק, ספעציא" (פאטאגראפישע פלאטע)-אויספארקויפט.

*ישראל (ליד און באַטן)-באגרענעצטע צאל פארבליבן.

* "דאס ראד פון חכמה" (וויס בשאפטליכע שפיל)-אויספארקויפט.

* "יהדות" (פעדאגאגישע שפיל פאר יונג און אלט) -אין פראַצעס פון שאפונג.



"יהדותי" - שפּיל פאר יונג און אלט

געשיכטע דרעהט זיך. — אהרן חייט, א ניו יארקער זשורנאליסט און געלערנטער, פארפאסע ביבעל „קוויז"־בוד „שארפזיז". באוויזט זיינם אן ערפינדונג

הארץ

יום שני, א' בשבט תשל"ח
9 בינואר 1978

# משחק חינוכי לפיתוח ידע היהדות והמסורת

(ע). עולה חדש מארצות הברית — רב, משפטן, עתונאי ומחבר ספרים — המציא משחק חינוכי חדש, הבנוי במתכונת של שאלות ותשובות ו־מיועד לפתח בדרך בידורית את הידע בערכי היסוד של היהדות והמסורת היהודית.

ממציא המשחק, הרב אהרן חייט מניו־יורק, כיום תושב תל אביב וחבר מערכת יידישע צייטונג, סיפר כי המשחק מכונה יהדות והוא מיועד לנוער ול־מבוגרים כאחד. המשחק מורכב מעיגולים וחץ מסתובב.

### התשובות מוסתרות

בכל זוג עיגולים, העליון הוא עיגול השאלות והתחתון — עיגול התשובות. במצב המוצא רק ה־שאלות גלויות, ואילו התשובות מוסתרות.

ראשון המשתתפים מסובב את החץ, וכאשר הוא נעצר — עליו להשיב על השאלות שעליהן מר־אה החץ. על ידי סיבוב מתאים של עיגול התשובות, בהתאם ל־מספר שמעל לעמודת השאלות, מופיעות התשובות הנכונות ב־תוך אשנב מיוחד. בדרך זו ניתן לבדוק אם נכונות תשובותיו של המשיב, ובהתאם לכך נקבעות נקודות לזכותו או לחובתו.

הנושאים של החידון מקיפים ארץ ולאום, דינים ומנהגים, חגים ומועדים, תשמישי קדושה, שפת עבר ואופק רחב של חיי יהודי מיום היוולדו עד פרידתו מן ה־עולם.

### היקף בלתי מוגבל

היקף החומר שניתן לכלול ב־משחק הוא בלתי מוגבל, מכיוון שאפשר להוסיף עוד ועוד שאלות ותשובות ללא שינוי ההרכב ה־מכני. הוא מתאים ליחיד ולמש־פחה, לבית ולבית־הספר ומהווה בילוי זמן מעניין ותרבותי.

המשחק הוכן תחילה בשלוש שפות: עברית, אנגלית ויידיש, אולם עתה תורגם כולו לעברית.